# פאגראמען
# אין אוקראאינע

### די צייט פון דער פרייוויליגער ארמיי

---




פארלאג »וואָסטאָק« בערלין C 2
An der Spandauer Brücke 2
1923

# אינהאלט

זייט

הקדמה . . . . . . . . . . . . . . . . . . 4

קאפיטל I. . . . . . . . . . . . . . . . . . . 13

די יידישע לאגע אין אוקראאינע פאר דעם אנקומען פון דער פרייוויליגער (דעניקינס) ארמיי.

אַנאַרכיע און פאגראמען. דער עקאנאמישער פאגראם. דער ארויסקוק אויף דער פרייוויליגער ארמיי.

קאפיטל II. . . . . . . . . . . . . . . . . . . 21

ערב־פאגראם און פאגראם.

דער פאגראם־וועג. דער אויף און אפ פון דער פאגראם־כוואליע. טיפּן פאגראמען. ערבות־מענער. דער קבלת־פנים. דער פאגראם.

קאפיטל III. . . . . . . . . . . . . . . . . . . 36

דער אייגענער פאגראם־שניט ביי דער פריי־וויליגער ארמיי.

דער מיליטערישער כאראקטער פון די פאגראמען. די באציהונג פון דער ארטיגער באפעלקערונג. דאס שענדן פרויען מאסנווייז. ענויים און פייניגונגען. דאס אויסוואָרצלען יידישע קהילות. אפיצירן. לעגאלער רויב. קאנטריבוציעס. די זעלבסטשוץ.

קאפיטל IV. . . . . . . . . . . . . . . . . . . 57

די סיבות פון די פאגראמען. פאגראמען אלס א טייל פון דער קריגס און סאציאל־פאליטישער פראגראם. די באציהונג פון די העכערע באפעלער. געלעגנהייטן פאר פאגראמען. די פרייוויליגע ארמיי. פאגראם־אגיטאציע. די פרייוויליגע ארמיי און איר פראגראם אין דער יידנפראגע. דער קאמף קעגן פאגראמען.

די רשימה פון די רואינירטע קהילות. . . . . . . 105

קוועלן. . . . . . . . . . . . . . . . . . . 109

# הקדמה

די דאזיגע ארבעט האב איך געהאט אנגעשריבן אין קיעוו מערץ 1920 באלד נאך גְזֵרַת־דעניקין, וואס האט געלאזט א וויסטיגן זכרון אין הארץ און אין מוח אפילו ביי אזוינע גרופעס און יחידים, וואס פריהער זיינען זיי געווען פויינטלאך צו דער פרייוויליגער ארמיי, געזעהן אין דער דאזיגער ארמיי רוסלאנדס „מלאך הגואל". אלע האבן זיך דערפילט אפגענארט, חוץ א קליינער גרופע ווייטזיכטיגערע אקטיווע קעמפער קעגן דעם דאזיגן רעזשים אדער פאסיווע פעסימיסטן. אבער פאר יידן אין אוקראאינע איז דאס געווען א שרעקלאכער אומגעהייער פאגראמען בלוט און שאנד, וואס אזוינס איז ווייט צו זוכן אפילו אין דעם איבערררייכן פּאָגראָם־יזכור דאס יאר 1919 אין אוקראאינע. דער בלוטיגער אומגעהייער האט זיך געפעלט, ס'איז געקומען די צייט צו מאכן א שטיקל סך־הכל.

מיין ארבעט האט דעמאלט געהאט א באשטימטן צוועק: אינפארמירן די וועלט, בפרט יידן, וועגן דעם חורבן פון אוקראאינער יידישן ישוב. אלס א גליד אין דער רעדאקטיר־קאלעגיע צו זאמלען און צו באארבעטן מאטעריאלן וועגן פאגראמען אין אוקראאינע, האב איך שוין דעמאלט געהאט צוהאנט היפש מאטעריאל וועגן פאגראמען פון די פרייוויליגע אין 84 יידישע קהילות. אויף דעם דאזיגן מאטעריאל איז געבויט מיין ארבעט. (וועגן דעם מאטעריאל בעצם זאל נאך גערעדט ווערן שפעטער, איך ברייננג אויך א גענויע רשימה פון אים). דערביי האט זיך ארויסגעשטעלט, אז, נישט געקוקט אויף דער מאטע פאגראמען אין די סַך צעהנדליגער שטעט און שטעטלאך, איז דאס פאגראם־בילד בעצם מערקווערדיג איינס־און־

דאסזעלבע אומעטום; בכן האב איך פארשפארט צו באשרייבן איינצל־
נע פאגראמען באזונדער: דאס וואלט געהייסן איבערחזרן אלעמאל די־
זעלבע הויפט־סימנים. מיר האט אויסגעזעהן פאר צוועקמעסיגער און
בילדלאכער צו געבן אן אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פון די דאזיגע
הויפט־סימנים, פון דעם טיפּישן, וואס שטעקט אין דער גארער
פאגראם־ארבעט ביי די פרייוויליגע, אנטפלעקן א געוויסן פאגראם־
נוסח לויט געוויסע פרטים (דער מיליטער־כאראקטער פון די פאג־
ראמען, פייניגונגען, דאס שענדן פרויען מאסנווייז, אויסראָטן יידישע
קהילות מיט די ווארצלען וכדומה); פריהער זאל נאך באשריבן ווערן
דער פארנעם פון די פאגראמען, אנגעהויבן פון די "שטילע פאג־
ראמען" און ביז די מאסן־שחיטות, ווי אזוי די פאגראם־כוואַ־
ליע האט זיך געהויבן און איז געפאלן פארשיידענע צייטן. דער
פאגראם־נוסח איז געווען אזוי שטרייננג דורכגעזעצט, אז שפּע־
טער, פרילינג היי־יאָר, ווען איך בין צוריקגעקומען צו דער
דאזיגער טעמע און האב שוין געהאט פאר זיך נייע מאטע־
ריאלן וועגן פריהער אומבאקאנטע פאגראמען אין 21 שטעט
(טיילווייז וועגן פריהער באקאנטע פאגראמען אויך), איז מיר ניט
אויסגעקומען גארניט צו ענדערן, אדער עפּעס וויכטיגס מוסיף זיין.
איך האב פשוט באדארפט אין טעקסט פארגרעסערן דאס צאָטל שטעט
יעדעסמאל, ווען זיי ווערן דערמאנט ביי א געוויסן פאגראם־פּרט און
ממלא זיין די רשימה פאגראם־געטראפענע ערטער אין דער ביילאגע
צום סוף. דאס האט מיך נאכמער איבערצייגט, אז איך האב געהאט
א ריכטיגע פארשטעלונג וועגן די דעניקינשע פאגראמען און אז ריכ־
טיג איז מיין מעטאדע אויך, די באשרייבונג איז מחמת דעם געווארן
קאנצענטרירטער און קלארער.

דאס אלץ — וועגן דעם ערשטן באשרייבונגטייל פון מיין
ארבעט.

דער צווייטער טייל ("די סיבות פון די פאגראמען") נעמט זיך
פון צוויי טעמים. ראשית איז אין דעם עצם פראצעס ארבעט גע־
ווארן א באדערפעניש זיך קלאר צו מאכן, וואס דא איז פירגעקומען,
פון וואנען נעמען זיך די באשריבענע געשעהענישן. צווייטנס

האט מען די דאזיגע געשעהעניש באדארפט באשטעטיגן, מ׳זאל אזוינס קאנען גלויבן. ווארום זייטיגע מענשן, וואס האבן דעם דאזיגן גרויל אליין ניט דורכגעמאכט, בפרט נאך אזוינע, וואס זיי איז פרעמד די רוסלאנד־אוקראאינישע סיטואציע בכלל, קאנען שווערלאך באנעמען אזוינע ווילדע זאכן, אויב זיי זאלן זעהן באשריבן די פאגראמען אליין און פאר זיך, נישט געבונדן, נישט פארוועבט אין דער גארער אידעאלאגיע, אין דער גארער פראקטיק פון דער פריי־וויליגער ארמיי. בכן האט מען געמוזט ווייזן, אז פאגראמען, אלס א טייל מיליטער־שטייגער, זיינען דא געקנופט און געבונדן, ביין פון ביין פלייש פון פלייש, מיט דער גארער קריג־ און סאציאל־פאליטישער פראגראם ביי די פרייוויליגע. ווארום בלויז געהאט פאר זיך די דאזיגע פראגראם אין אויג, לאזט זיך באנעמען, לאזט זיך גלויבן אין אזא פאגראם־גרויל. ווארום פאגראמען זיינען דא באמת ניט קיין זייטיגע זאך פאר זיך; פאגראמען זיינען דא א רינג אין א גאנצער קייט; אזוי ווייניגסטנס האב איך געשטרעבט צו דערווייזן. די קריגס־פראגראם ביי די פרייוויליגע איז נאטירלאך אויסן געווען צו גובר זיין די באלשעוויסטישע ממשלה, און אין דער סאציאל־פאליטישער פראגראם האבן געשטעקט אלע סימנים פון רעסטאווראציע, צוריק צום אלטן רוסלאנד פון פאר דער רעוואלוציע־צייט. דאס לאזט זיך קלאר ארויסזעהן דערפון, ווי אזוי דעניקינס רעזשים האט זיך פארהאלטן צו די דריי הויפטפראגן אין רוסלענדער לעבן: צו דער אגראר־פראגע, צו דער ארבעטער און נאציאנאלער פראגע. די תשובה אויף די דאזיגע פראגן איז געווען אזוי: די ערד דארף מען צוריק אומקערן די פריצים, די ארבעטער־באוועגונג דארף מען דער־שטיקן, אפענע רוסיפיקאציע, מיר לאכן זיך אויס פון די וויכטיגסטע נאציאנאלע נויטן ביי די „פרעמדשבטים״. ביי אזא פראגראם מוזן יידן בלייבן בירגער פונם צווייטן סארט, פאריאכט און פארקנעכט. אזוי זאגט די לאגיק פון דער רעאקציע אלע צייטן ביי אלע פעלקער. צו דער דאזיגער לאגיק, נאכמער צו דער טאקטיק פון דער רע־אקציע, בפרט די קריטישע תקופות, ווען מ׳פירט דעם פארצווייפלטן קאמף פאר דער מאכט, געהערט נאך דער גאנג, אז יידן, אלע יידן

אהן אן אויסנעם, זיינען „פאלקספיינט", און קעגן זיי דארף מען קעמפן האַרט און שאַרף מיט אלע מיטלען. קוים איז מען מכריז אזא קאמף — אזוי קומט מען שוין ממילא צום אָפרעכענען זיך מיט דעם אומבאהאלפענעם, ס׳ברעכט אויס דער געוויסער „פּאלקסצאָרן". דייטשע נאציאנאליסטן שרייען דאס איצט אין דייטשלאנד, וואס די פרייוויליגע האבן פאר־דריי־יארן געטאן אין אוקראאינע.

פאגראמען — דאס איז ביי רעסטאַוראַטאָרס א רעאקציע קעגן יידישער גלייכבארעכטונג, וואס די פארהאסטע רעוואלוציע האט געגעבן יידן, דער ערשטער טריט צו מאכן יידן פאר קנעכט — דאס איז דער הויפטגעדאנק וועגן דעם שורש פון פאגראמען, וואס איך ברייננג פיר אין מיין ארבעט אין דעם צווייטן טייל. ביי דער רעאקציע אין די אויגן איז דער ייד בעצם א רעכטלאז באשעפעניש. רירט מען אן די דאזיגע רעכטלאזיגקייט — אזוי ווערט מען דא אויפגעבראכט און מ׳ברענט „אומצוקערן דער געקרומטער גערעכטיגקייט איר קרוין."

יידן זיינען רעכטלאז — ביי דער רעאקציע הייסט דאס אגב, אז יידן דארפן זיך ניט מישן, זיי טארן ניט האבן ביי זיך קיין באלשעוויקעס, אזוינס, וואס מ׳וועט ניט אויסשטעלן פאר קיין „עוולה" קיין פאלק. אז כל ישראל חברים און אלע יידן דארפן ענטפערן פאר יעדן איינעם — דאס איז שוין ביי דער רעאקציע אן אלטער הסכם.

דאס איז די פאגראם־אידעאָלאָגיע ביי די פרייוויליגע. פאַרוואָר, דאס איז אן אלטע געשיכטע. קיין שפור נייס, אייגנס, חוץ דער רוסישער מעטאדע און דעם רוסישן פאַרנעם זיך אפצורעכענען, וואס אזוינס דארף מען זוכן סיידן אין שטאק מיטלאלטער, אדער אין גזרת ת"ח, תקכ"ח אין אוקראאינע.

די פרייוויליגע ארמיי האט זיך קאמפלעקטירט מיט האלב ווילדע מזרח־שבטים, אָסעטינעס, טשעטשענצעס וכדומה, און מיט אַוואַנטיוריסטן אפיצירן. זי האט געהאט א וויסטן קריגסשטייגער: א פראָנט, וואס קיין זאך האט מען אים ניט געגעבן, און א דעמאראליזירטן הינטערפראנט. ממילא האט דאס געמוזט זיין אן ארמיי מאַראָדיאָרן, וואס האבן געלעבט פון רויב. די היסטארישע טראדיציע האט די

רויבער געוויזן דעם וועג צו יידן· גענעראלן־פאליטיקער האבן דאס צוגעזעהן און שטילערהייט געפועלט ביי זיך, אז גם־זו לטובה: זאל די ארמיי האבן, פון וואס זיך צו שפייזן און א לעב טון, און זאל דאס ציהען רעזערוון; מיט דער דאזיגער גזלן־ענערגיע האט מען זיך געקליגט צו דערלאנגען ווייטערע צוועקן אויך: פארטרייבן די באל־שעוויקעס און פעסט אריינבעמען רוסלאנד אין די הענט· דאס איז די קאנקרעטע סיטואציע, וואס האט געגעבן די גרויליגע פאגראמען· די גענעראלן האבן זיך גענארט: דער פאגראם־מבול האט צולעצט פארפלייצט זיי אויך, וואס האבן דאס רוהיג צוגעזעהן און אפילו צוגעגעבן חשק; די ווילדע רציחה האט דעמאראליזירט ביז גאר, צעפרעסן די ארמיי· דא האט זיך אויך ארויסגעוויזן דער אלטער היסטארישער כלל: די רעאקציע איז שטענדיג בלינד און טראגט מיט זיך איר אייגענעם מלאך־המוות גרייט·

פארשטייט זיך, אז ביי דעם פארנעם פון מיין איצטיגער ארבעט, האב איך געקענט באהאנדלען די אלע אלגעמיינע פראגן בלויז בדרך כלל, אהן דעם איבריג שווערן מאטעריאל און ניט אריינגעלאזט זיך אין קיין פרטים· איך האלט אבער, אז מער האט מען ניט באַ־דארפט אויך· מיר שיינט, אז דער רעאקציאנערער כאראקטער פון דער ווייסער גווארדיע און אירע צוועקן, אין גאנצן און אין גרויסן גענומען, איז שוין איצט אָפן קלאר פאר אלעמען, ווער ס'האט זיך נאר צוגעקוקט צו רוסלאנדס גורל די לעצטע פיר יאר· דער מיאוסער סוף פון דער דאזיגער גווארדיע אויף אלע פראָנטן — דערוויזט דאס אן איבריג מאל·

דער דאזיגער טייל ארבעט מיינער, דאס וויכטיגסטע דערפון, איז שוין אויך געווען פארטיג פרילינג 1920· אסך האב איך דא צו פארדאנקען ניט קיין אנדערן ווי··· ווי· שולגינען, דעם רעדאקטאר פון ״קיעווליאנין״, דעם אידעאָלאָג און דעם באשיצער פון דער פרייוויליגער ארמיי: ער איז מיר אסך בייגעשטאנען צו באנעמען די אידעאלאגיע פון דער פרייוויליגער ארמיי, דערהויפט איר יידישע פראגראם און איר פאגראם־ברען· דער דאזיגער אויסגעצייכנטער פובליציסט האט אין דעם פרט אזוי פיל אויפגעטאן אין ״קיעווליאנין״

יענע צייט, אז ווען איר לייענט שולגינען, אזוי הערט איר רעדן
די ארמיי גופא ווענן איר טרוים און וואר, דערהויפט ווענן יידן.
שולגין איז געווים דער גרעסטער אווטאריטעט פאר אלץ, וואס איז
נוגע דער פרייווילינער ארמיי, ער איז דער ווייַסער און דער טרייער
העלפער. בכן האב איך געקאנט ברייננען זיינע רייד און זיך פאר־
לאזן אויף אים, און בלויז אויף אים: פאר מיינע צוועקן איז דאס
געווען גאנץ גענונ. פרילינג היי־יאר איז מיר צוגעקומען א צוויי־
טער באגלויבטער עדות; איך מיין דא ק. נ. סאָקאָלאָווס מערקווער־
דיג בוך „גענעראל דעניקינס רעגירן" (סאָפיע, 1921). ק. נ. סא־
קאלאוו, א פראפעסאר, א קענער אין מלוכה־רעכט, א מיניסטער אין
דעניקינס רעגירונג, ד. ה. אזוינער, וואס האט גופא געמאכט פא־
ליטיק ביי די פרייווילינע, און איז געטריי געבליבן דער ווייסער
דיקטאטור און אירע מעטאדעס ביז צולעצט, נאך איר מיאוסן סוף
אויך (חוץ אין דער אַגראַר־פראגע, איבער „סוחרישע" טעמים) —
דער דערציילט וועגן דער דאזיגער דיקטאטור מיט א מין אָפנקייט
און קלארקייט, וואס ער מעג זיך דערמיט איבערנעמען. בכן האבן
מיר דא פאר זיך אן אווטענטישן פירוש, א שטיק הודאת בעל־דין
וועגן דער פראגראם און דער פאליטיק פון דעניקינס רעזשים. קיין
שטארק נייעס אקעגן דעם, וואס ס'איז צו געפינען ביי שולגינען,
האט ער ניט אויפגעטאן. אבער פאר מיין צוועק איז געווען וויכטיג,
וואס אזא אווטאריטעט ווי ק. נ. סאקאלאוו האט בעצם באשטעטיגט
כמעט אלצדינג, וואס איך האב פריהער געזאגט וועגן דעם מהות
פון דער פרייווילינער ארמיי, וועגן איר פאליטישער פראגראם און
פראקטיק, ממילא וועגן דעם שורש און דעם אויסוואקסן פון איר
פאגראם־ארבעט אויך. פון ק. נ. סאקאלאווס בוך האב איך ארויס־
גענומען אייניגע שטעלן וועגן די פרינציפן און דער פראקטיק פון
דער פרייווילינער ארמיי אין די וויכטיגסטע פראגן פונם רוסלענדער
לעבן, און נאך אייניגע נאטיצן, וואס באשטעטיגן דורכויס שול־
גינס רייד אדער מיינע השערות. דערמיט האב איך ממלא געווען
מיין פריהערדיג שרייבן. אזוינע צוויי אייזערנע עדות ווי וו. שולגין
און ק. נ. סאקאלאוו האב איך געהאלטן פאר גענוג אין די פאלי־

טישע הויפטפראגן ביי די פּויוויליגע, אין דער יידנפראגע אויך, בפרט נאך ביי דעם פארנעם פון מיין איצטיגער ארבעט, און מער קיין ראיות האב איך ניט געבראכט.

אבער אין אזא פארם, ווען איך האב אַנאַליזירט די גארע פריי־וויליגשע סיסטעם, איז שוין מיין ארבעט אריבערגעוואקסן דעם ערשטן מיין, און איך האב שוין איצט געהאלטן פאר רעכט זי פירצובריינגען פאר א גרעסערן עולם לייענער.

נאך א פאר ווערטער וועגן דעם מהות פונם מאטעריאל, וואס איך האב געניצט אין דעם ערשטן באשרייבונגטייל. דער דאזיגער מאַ־טעריאַל איז קודם כל אָריגינעל, סיי אין דעם פרט, וואס ער איז אין ערגעץ ניט פארעפנטלאכט געווען, סיי אויך אין דעם פרט, וואס געזאמלט האט מען אים מיט א געוויסן צוועק לויט א באשטימטער פראגראם. דער צוועק איז געווען א היסטארישער, ניט קיין פּאַ־ליטישער. די רעדאקטיר־קאלעגיע, וואס איז שוין דא דערמאנט געוועזן, איז אויסן געווען ניט די טאג־נויט, נייערט א היסטארישע פערספעקטיוו: זי איז אויסן געווען איינצוזאמלען אלצדינג, וואס איז נוגע פאגראמען אין אוקראאינע פונם יאר 1917 אן; אלצדינג וואס געטראפענע, צוזעהער און אויספארשער האבן געזעהן, גע־הערט, ווי ווייט מיגלאך אויפריכטיג דערציילט, אפיציעלע דאקו־מענטן פון דער מאכט, פון אינסטיטוציעס, ארגאניזאציעס וכדומה, אלס מאטעריאל פאר א גרויטער היסטארישער ארבעט. דאס איז די גרעסטע מעלה פונם מאטעריאל: ער האט לחלוטין נישט צו טון מיט צייטונג־סענסאציע און מיט פארטיי־פאליטישע חשבונות. דער מאַ־טעריאל איז נאך חוץ דעם פארשיידנארטיג סיי לויט די פראגן, וואס קומען דארט פיר, סיי לויט די קוועלן, פון וואנען ער שטאמט. וועגן א פאגראם (ריכטיגער געזאגט: פאגראמען) אין איין־און־דעמזעלבן ארט איז אפט פאראן פאראַלעלע מאטעריאלן, וואס פארשיידענע אר־גאניזאציעס האבן זיך פארשאפט מחמת פארשיידענע טעמים און מיט פארשיידענע מעטאדעס. דא איז שוין פאראן א קאנטראל אויף די פאקטן, וואס ווערן דארט דערמאנט. חוץ דעם איז נאך געווען אן אינעווייניגסטער קאנטראל: די טוער פון דער רעדאקטיר־קאלעגיע

פלעגן זיך אפט טרעפן סיי מיט די שווער־געפרובטע און מיט די צווזעהער, וואס אין קיעוו זיינען אזוינע איבערגוואלד שוין געווען צופיל יענע צייט פון אסך רואינירטע שטעט, סיי מיט דער רעדאקציעס קארעספאנדענטן און אויספארשער. דערצו נאך האט די קאָלעגיע פאַר צוויי יאר ארבעט אין אוקראאינע זיך אנגענומען מיט גענוג געניטשאפט און אויסגעארבעט זיך א קריטיש געפיל צו די מיטטיילונגען סיי פון צוזעהער, סיי פון קארעספאנדענטן. מ׳מוז אבער זאגן, אז אין די מאטעריאלן, וואס זיינען נוגע ספעציעל די פרייוויליגשע פאגראמען, שטעקט עפעס אזוינס, וואס מאכט זיי פאר באגלויבט אפילו אהן א שטרייגגן קאנטראל אויך — דאס איז דער נוסח, וואס חזרט זיך איבער אומעטום, עפעס שטעקט דא פון א געזעץ פון מאסן־צאלן, ווען הונדערטער מענשן פון פארשיידענע ערטער דערציילן וועגן פאגראמען דיזעלבע זאך כמעט מיט דיזעלבע ווערטער (וועגן פעטליורישע, באנדיטישע פאגראמען לאזט זיך דאס ניט זאגן) — הייסט דאס, אז אין דער הויפטזאך, אין דעם עיקר זיינען זיי באגלויבט, סיידן דא איז געשעהן עפעס א מאסן־משוגעת, אדער מ׳האט זיי אלעמען עפעס אונטערגעזאגט.

דערצו קומט נאך צו א מענגע דאקומענטן: באפעלן, מעלדונגען, פאראדנונגען וכדומה, וואס שטאמען פון ארטיגע, פון צענטראלע מאכטהאבער, פראטאקאלן, ראפארטן, מעמאראנדומס וכדומה פון פארשיידענע ארגאניזאציעס, פון אזוינע, וואס זיינען געווען פריינטלאך צו די פרייוויליגע אויך, רשימות מיט נעמען פון הרוגים, מיטטיילונגן פון דאקטוירים, וואס האבן געהיילט די געטראפענע א. אזוי. בכן האבן מיר אן איין־און־איינציגע קאלעקציע מאטעריאלן, וואס איז באגלויבט אפילו פאר שטריינג־וויסנשאפטליכע צוועקן אויך. דער דאזיגער מאטעריאל זאל נאך אמאל פארעפענטלאכט ווערן, די וועלט וועט דעמאלט אויפגערודערט ווערן פון דעם בילד, וואס ס׳וועט זיך דא אנטפלעקן. איך מיין אבער, אז דאס ביסל פון דעם מאטעריאל, וואס איך ברייגג איצט, שטארק געפרעסט און סך־הכלדיג, איז אויך גענוג איבערצייגנדיג.

א גרויסן פארמעלן חסרון האט דער מאטעריאל: דא איז פאראן נאר איין צד, מיר האבן געזעהן און געהערט די געשלאגענע, אבער כלל ניט די שלאגערס. א יידישע רעדאקציע זאל ארויסקריגן לשון ביי די שלאגערס וועגן זייערע מיינען און מעשים — דאס לייגט זיך כמעט ניט אויפן שכל. איך בין אבער זיכער, אז ווען אפילו אזוינס זאל געראטן, איז וואלטן מיר געקריגן מאטעריאל אייגנטלאך פאר פסיכאלאגיע, אבער ניט פאר געשיכטע. די מעשים, היסטאריש אב־יעקטיוו און באגלויבט, האבן מיר גענוג ביי די געשלאגענע.

וועגן דעם זין און דעם מוסר־השכל פון די מעשים, וועגן זייער פארבונד מיט דער סטיכיע און מיט דער לאגיק פון די פרייוויליגע האבן מיר אזוינע זעלטענע עדות, ווי ווי. שולגין און ק. ב. סאקאלאווי פירשפרעכער און פירער ביי די שלאגערס, פון אנדערע שוין נישט צו רעדן.

בערלין, דעם 17 יולי 1922

I

# די יידישע לאגע אין אוקראאינע פאר דעם אנקומען פון דער פרייוויליגער (דעניקינס) ארמיי.

**אַנאַרכיע און פאגראמען.** זייט די אוקראאינישע נאציאנאלע באוועגונג האט אנגעהויבן אָפן פירן א קאמף פאר אוקראאינער מלוכהשער זעלבשטענדיגקייט („סאַמאָסטינאָסט״) (סוף יאר 1917), דערהויפט אבער זייט דע־צעמבער 1918, ווען די דירעקטאָריע (ווינישענקאָ, פעטליוראַ, שוועץ, אנדרעיעווסקי, מאַקאַרענקאָ) האט ארגאניזירט דעם אויפ־שטאנד קעגן דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, הערט דאס לאנד ניט אויף צו זיין א פעלד פאר קריגס־אפעראציעס; ס׳הערט ניט אויף דער בלוטיגער קאמף פאר דער מאכט, און דאס לאנד זידט און זינקט אין אַנאַרכיע און אין צעפאַלן. פאר דער דאזיגער צייט, ביז דעניקינס תקופה, האט דאס לאנד איבערגעהאט איינס נאכן אנדערן אזוינע רעזשימען: 1) די זעלבסטשטענדיגע „אוקראאינישע פאלקס־רעפובליק״ מיט דער צענטראלער ראַדע און מיטן גענעראל־סעקרעטאַריאַט (סוף יאר 1917); 2) די באָלשעוויסטישע מאכט אויף א ווייל (פיאַטאַקאָווס רעגירונג, יאנואר — פעברואר 1918); 3) די פיקטיווע זעלבסטשטענדיגקייט (די רעסטאווירטע צענטראלע ראדע) מיט דער פאקטישער מאכט פון דער דייטשער אָקופאַציע (מערץ—אפריל 1918; 4) די העט־מאַנשע מאַכט (דיזעלבע פיקציע נאר מיט אַן אָפן דייטשן בעל־הביתעווען, מאי — דעצעמבער 1918); 5) די אוקראאינישע דירעק־

טאריע (סוף דעצעמבער 1918 – פעברואר 1919; 6) די אוקראַ־אינישע ראַטן־רעפובליק (די באלשעוויסטישע מאכט, פעברואר–אויגוסט 1919). ווי פארשיידן די דאזיגע רעזשימען זיינען נים געווען, האבן זיי דאך אלע צוזאמען געהאט בעצם אייניגע אלצאיינע אייגנטימליכקייטן:

1) ביי אלע רעזשימען איז די מאכט געווען טעריטאָריאַל צעריסן, דאס לאנד איז געווארן א פאליטישע שאָכבריעט פון פארשיידענע רע־זשימען; 2 די מאכט איז געווען א מיליטערישע, שטענדיג מא־בילעזירט; 3) פאקטיש איז די מאכט געווען אומבאהאלפן.[1]

קיין איין מאכט, וואס האט זיך געהאלטן פאר א צענטראלער, מלוכהשער, האט פאקטיש נים געהאט צו זאגן איבער גאנץ אוק־ראאינע, אין פארשיידענע ראנד־געגנטן, אפט אפילו אין מיטן דער טעריטאריע פון דער צענטראלער מאכט, האבן דער דאזיגער צענט־ראלער מאכט אין דערזעלבער צייט קאָנקורירט אנדערע „מאַכטן", וואס האבן „באצוואונגען" און זיך אונטערטעניג געמאכט געוויסע גובערניעס, אויעזדן, וואָלאָסטן און געפירט זיך א„מלוכה" פאר זיך. דערהויפט איז די דאזיגע לאגע בולט געווען פארן צווייטן ראַטן־רעזשים (פעברואר–אויגוסט 1919): פּאַראַלעל צו דער אוק־ראאינישער ראַטן־רעפובליק (קיעווער רעגירונג) האט אין פארשיי־דענע צייטן און אין פארשיידענע קאמבינאציעס עקסיסטירט פעטליר־ראס רעפובליק אין א טייל וואָלינער און פּאָדאָליער גובערניעס, מאכנאָס, גריגאָריעווס ממשלות; שוין נישט צו ריידן פון טערי־טאריעס, וואס קלענערע פארטיזאנישע מיליטערטיילן און סתם־באנדעס האבן פארכאפט מיט די אַטאַמאַנעס זעליאָני, סאָקאָלאָווסקי, אַנגעל, טיוטיוניק, סטרוק א. אנד. אויבן־אָן, וואס האבן געקעמפט אונטער פארשיידענע פאָנען, אפט גאר אָהן פאָנען, מער פאר אליין באגייסטערט פאר דער מיגלאכקייט אומגעשטערט צו רויבן און צו „הוליען".

---

[1] א געוויסער אויסנעם אין דעם פּרט איז געווען די בעסער אין שטארקער ארגא־ניזירטע פאקטישע מאכט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אבער אויך נים גאר.

די דאזיגע לאגע פון א פאליטישער שאָכברעט', מיט פארשיידענע קאנקורינדיגע "מאַכטן" אין פארשיידענע קעסטעלאך, האט געבראכט דערצו, אז יעדער רעזשים האט געמוזט זיין דערהויפט א מיליטע־רישע ארגאניזאציע אויף איינצונעמען אוקראאינע אדער אויף צו דערהאלטן זיין מאכט מיט קריגסאפעראציעס קעגן שונאים אויף פארשיידענע פראָנטן. ביי אזא לאגע האט ניט געקאנט געמאלט זיין, אז די צענטראלע מאכט זאל טון אַן ארגאנישע מלוכה־ארבעט, זי זאל ארגאניזירן דאס עקאנאמישע, דאס בירגער־לעבן. און וואס ברייטער ס'האבן זיך פארנומען די קריגסאפעראציעס, אלץ שטאר־קער, און נאך אין א גרעסערער פראָפּאָרץ, איז געוואקסן דער חורבן אין לאנד.

דערצו קומט נאך צו די פאקטישע אומבאַהאָלפנקייט פון דער מאכט. קיין איינער פון די דערמאנטע רעזשימען האט, איבער זיין קורצער עקזיסטענץ און איבער אנדערע ארגאנישע סיבות, ניט בא־וויזן זיך איינצופלאנצן און פארפעסטיגן אין לאנד; קיין איינער האט ניט באוויזן עפּעס אויפצוטון ממשותדיגס פאר דער באפעלקע־רונג, און אין דערזעלבער צייט האט ער ביי איר געמאנט אָהן א שיעור מיט מענשן און מיט דעם לעצט ביסל האָב; קיין איינער האט ניט געהאט קיין פעסטע ווארצלען אין דעם גארן לעבנשטיי־גער און אין די פאליטישע טראדיציעס פון דעם לאנד. ממילא האבן זיך אלע רעזשימען געמוזט שטיצן כמעט בלויז אויף א מיליטערישער קראפט און אויף שטראָפעקספעדיציעס. ממילא האט יעדער רעזשים, אפילו אין גבול פון זיין אייגענער טעריטאריע (ריכטיגער געזאגט: אויף דער טעריטאריע, וואס קיין אנדער מאכט האט ניט פארכאפט), געהאט די פאקטישע ממשלה ניט מער ווי אין די גרעסערע ערטער, וואו ער האט געהאלטן זיין מיליטערישע קראפט, גאַרניזאָנען, און בלויז די צייט, ווען די דאזיגע קראפט איז פון דארט ניט אפגע־טרעטן.

קלענערע שטעטלאך און יישובים זיינען געבליבן הפקר; און דאס דאָרף, וואס איז נאך דער וועלט־מלחמה געווארן באוואפנט פון קאפ ביז פיס, איז געווען קריגעריש געשטימט קעגן יעדער מאכט,

האט פון קיין מלוכה־דיסציפלין בכלל ניט געוואלט וויסן און האט מיטגעהאלפן יעדער נייער מאכט אראפווארפן די פריהערדיגע. דאס דאָרף האט געשאפן פאר דער דירעקטאריע אַן ארמיי אויף אראפּ־צוווארפן דעם העטמאן און די דייטשן, האט געהאלפן די באלשע־וויקעס קעגן דער דירעקטאריע, האט געשפייזט פעטליוראן מיט באנדעס און פארטיזאנעס קעגן דער ראַטנמאכט און איז שטענדיג געווען א קוואל פון אוואנטיוריסטישע רויבערבאנדעס. אַ אלע ריע־זשימען האט אוקראאינע פירגעשטעלט א בילד פון א רי רעפובליקן און דעספאָטיעס, אדער, ריכטיגער געזאגט, פון מיליטערישע לאַ־גערן אויף אָהן א שיעור פראָנטן. אויף די דאזיגע פראָנטן האבן אין פארשיידענע מערקווערדיג פארפלאנטעטע קאמבינאציעס מלחמה גע־האלטן דריי הויפטגרופירונגען: 1) אוקראאינישער נאציאנאַליזם („סאַ־מאָסטיניקעס״), 2) ראַטן־קאמוניזם און 3) אנארכיסטישער באנדי־טיזם. איבערן גארן לאנד אין דער לייננ און דער ברייט, פון צפון קיין דרום, פון מערב קיין מזרח און פארקערט, האבן געהאלטן אין איין מארשירן רעגולערע מיליטערטיילן, האבן זיך געריקט בא־וואפנטע באַנדעס, איבערבאפאלן אזוי ווי א גאָס־כוואַליע און רו־אינירט אומבאהאלפענע שטעט און שטעטלאך מיט ארטילערישער שיסעריי און מיט די ווילדסטע רציחות (באַנדעס), צעטרעטן אויפן וועג די לעצטע שפורן פרידלאכע קולטור און נארמאלן לעבנ־שטייגער.

דאס איז געווען א בילד פון לעצט־צעפאלן און צעברעקלט, מיט דערשלאגענע הונגעריגע שטעט, וואס האבן זיך ווי שעפעלאך נכנע געמאכט אונטער יעדער פאסטוך מיט א ביקס, און מיט אַ אַנאַרכיס־טיש דאָרף, וואס קיין רעזשים האט דאס ניט געקאנט בייקומען.

ס'איז ניט שווער געווען פארויסצוזעהן, אז אין אזא בלוטיגער שפיל וועלן יידן, ד. ה. דער זייטיגער אומבאוואפנטער צוזעהער, ממילא זיין דער פאַסיווער קרבן, בפרט נאך ביי אוקראאינער פאג־ראם־טראדיציעס. אבער דאס, וואס איז פירגעקומען, האט איבער־געשטייגט אלץ, אויף וואס מ'האט זיך געקאנט ריכטן. דער קאַמף פון דער דירעקטאריע קעגן העטמאַנס מאכט, בפרט נאך קעגן דעם

באלשעוויזם, וואס האט זיך באלד דערויף אנגערוקט, האט געבראכט מיט זיך אזוינע אוקראאינישע מיליטער־פאגראמען (אָוורוטש, קאָ־ראָסטען, זשיטאָמיר, פראָסקוראָוו, פעלשטין און אנד.), וואס לויט דער צאל מענשליכע קרבנות, לויט דער אכזריות און מאסנרואין, איז באמת א שפילכל אלצדינג, וואס מיר ווייסן פון דעם פאגראם־כראניק אין אוקראאינע די לעצטע פופציג יאר, בעת דעם ראטן־רעזשים איז די לאגע נאך ערגער געווארן: פעטליורעס ארגאניזיר־טער קאמף און נאך מער דער פארביסענער פארטיזאנישער קאמף פון פארשידענע באַנדעס קעגן דער ראַטנמאכט, ווי אויך די אנ־פאלן פון ארטיגע כוליגאַנעס און רויבער, אלץ צוזאמען האט גע־שאפן אין אוקראאינע א צושטאנד פון א פערמאַנענטן פאגראם. פעטליורס מיליטערטיילן, מאַכנאָס, גריגאָריעווס און אנד. באנדעס האבן פארוויסט הונדערטער יידישע קהלות און ישובים, אסך שטעט־לאך זיינען אפגעמעקט געווארן גאר און גאר, אדער דאס לעצט ביסל יידישע באפעלקערונג, וואס איז נאך לעבן געבליבן, איז זיך פון דארט צעלאפן, צעהנדליגער טויזנטער יידן זיינען אויפן שרעק־ליכסטן שטייגער אויסגעהרגעט געווארן, נאך מער זיינען געבליבן פארוואונדעטע, אייביגע קאליקעס, און א גרויסער טייל יידן אין אוקראאינע איז רואינירט געווארן צו דער מדרגה מקבלים, וואס קוקן ארויס אויפן קאמיטעטס הילף. נאך ערגער פארן מאטעריעלן פאגראם איז געווען דאס שרעקליכע יאוש־געפיל. אומבאהאלפענע קהלות, פרידליכע אינזלען אין אַ יַם באוואפנטע מיליטערטיילן און באנדעס, האבן געלעבט מיט דער שטענדיגער טויט־שרעק, מיט דער מורא פארן לעצטן ביסל גוטס; און א צעהן מאל בארויבט, צעמַזיקט יידיש שטעטל האט שטענדיג געפילט אויף זיך פארהויבן דעם מערדערס האק, וואס קאן דערלאנגען אלע טאג, אלע מינוט.

### דער עקאנאמישער פאגראם.

די פאגראמען האבן נאטירליך רואינירט א גרויסן טייל יידן אין אוקראַאינע, אבער פאַראַלעל דערצו זיינען נאך געווען אנ־דערע סבות אין עקאנאמישן לעבן, וואס האבן אונטערגעריסן די יידישע עקאנאמישע עקזיסטענץ. אין א צושטאנד פון בירגער־

קריג, נאך 4 יאר וועלטמלחמה, איז די אינדוסטריע גאר אומ־געקומען, פון א הויכאנטוויקלטן סחורה־פארקער האט מען זיך אומגעקערט צו א נאטורעלערווירטשאפט, געביטן א העמד אויף א פוד קאַרטאָפל, פון האנדל איז געווארן ספעקולאציע, און יחידים זיינען רייך געווארן אויפן חשבון פון הונדערטער טויזנ־טער רואינירטע עקזיסטענצן. דאס לאנד, וואס איז געווען עקא־נאמיש געקנופט און געבונדן מיט רוסלאנד און מיט דער וועלט, איז מיט אמאל איזאלירט געווארן; אינעווייניג איז דאס געווען צע־ריסן און צעברעקלט אויף דוירכאנאנד זעלבסטשטענדיגע טעריטא־ריעס, וואס האבן צווישן זיך מלחמה געפירט, און זיינען אלע מאל איבערגעגאנגען פון האנט צו האנט, אלע צוזאמען אָהן באַנען, אָהן אינדוסטריע, אָהן סחורות; אויף די וועגן האט אויפן יידן געלויערט די מיטלעלטערישע „סכנת־דרכים”, דער טויט־פחד; די שטעט זיינען געווארן פאַראַזיטן, האבן אנגעווארן זייער עקאנאמישע פונק־ציע, און דאס דאָרף האט געהאלטן אין איין אפרעכענען זיך מיט דער שטאט. אזא צושטאנד איז ממילא געווען א חורבן פאר דער יידישער באפעלקערונג, מייסטנס אונטערנעמער, הענדלער, בעלי־מלאכות און מעקלערס, וואס האט באדארפט האבן, ווי לופט צו אטעמען, אן אנטוויקלטן סחורה־אויסטויש, א לעבעדיגן פארקער מיט די ווייטסטע מערק, א בויגעוודיגן קרעדיט א. אז. וו.. דעם גאנצן אַפּאַראַט פון אן אומגעשטערטער ברייט פארצווייגטער קאפיטאליס־טישער סיסטעם, און ווידער די עקאנאמישע אויפטוען פון דער ראַטנמאכט: דאס פארבאָטן דעם פרייהאנדל, דאס נאציאנאליזירן דעם גרעסטן טייל אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, רעקוויזיציעס, קאנטריבוציעס — די גארע סיסטעם עקאנאמישער קאמף קעגן דער בורזשואזיע — האט ביז לעצט רואינירט די יידישע באפעלקערונג, וואס האט געלעבט מייסטנס פון האנדל און אינדוסטרי. אין א יידיש שטעטל איז דער „בורזשוי” געווען דער בעל־הבית פון א זעלצער־וואסער־פאבריקל, ווער ס'האט פארמאגט אן אייגן הייזל, דער קליינער קרעמער וכדומה. די דאזיגע גרויסע מאסע יידן, וואס איז ארויסגעשטעלט געווארן פון אירע געוויינטליכע עקאנאמישע פא־

זיציעס און האט זיך ניט באוויזן צוצופאַסן צום נייעם ראַטן־רע־זשים, האט געלעבט פונם ווינט, פון קליינספעקולאציע, וואס האט געשמעקט מיט סכנת־נפשות, פון אויספארקויפן שטוב־זאכן, אדער אויף קינדערס גנאד, וואס האבן געדינט אויף שטעלעס בא דער ראטנמאכט.

### דער ארויסקוק אויף דער פריי־ווילינגער ארמיי.

בכן איז געווען אומפארמיידליך, אז צו דער צייט, ווען די פרייוויליגע ארמיי האט פאר־נומען אוקראאינע (פון אויגוסט 1919 אן), זאל דער גרעסטער טייל יידן גרייט זיין, גיכער ווי יעדער אנדער טייל באפעלקערונג, אויפצונעמען מיט פרייד און איבערגעגעבנקייט יעדע נייע מאכט, וואס זאל זיכערן דאס לעבן און א פרידליכע עקזיסטענץ. ווער האט זיך נאך אזוי גע־פילט אפגענארט אין אלע פריהערדיגע רעזשימען, ווער איז נאך אזויפיל אויסגעשטאנען הריגות און רציחות, שטענדיגע טויט־שרעק, ווער איז נאך אזוי שטארק עקאנאמיש און מענשליך צעטרעטן גע־ווארן און ווער האט דאס נאך אזוי געגאַרט נאך „רעכט און ארד־נונג“, ווי דער גרויסער טייל יידן? איצט איז דאס כמעט ניט צו פארשטיין, אבער א פאקט איז, אז צו יענער צייט, ווען די פריי־וויליגע האבן נאר וואס אנגעהויבן צו פארנעמען אוקראאינע, האט א גרויסער טייל יידן ארויסגעקוקט אויף זיי, ווי אויף דעם מלאך הגואל. און מ׳קאן זיכער זאגן, אז אין די סך יידישע דעפוטאציעס, וואס זיינען געגאנגען מקבל פנים זיין די פרייוויליגע מיט ברויט מיט זאלץ, האט געשטעקט ניט בלויז צביעות אקעגן א מאכט און ניט בלויז הכנעה און א רחמים־בעטן פון פארצווייפלטע מענשן, נאר אן אויפריכטיגע באגייסטערונג אויך, א באגייסטערונג פאר א מאכט, וואס זאל ברייננגען „רעכט און ארדנונג“. מ׳האט געגלויבט און גע־האפט, און מ׳איז גרייט געווען צו העלפן און צו דינען די פריי־וויליגע מיט וואס נאר מיגליך.

די פאליטישע פריינט פון דער פרייוויליגער ארמיי, פון צווישן דער היימישער און ארומיגער בורזשואזיע, האבן געפויקט אהן א שיעור, אז דאס גייט א מאכט, וואס פארפעסטיגט „רעכט און ארד־

נונג״, אז זי מיינט ניט אנדערש ווי א גרינדונגס־פארזאמלונג, אז זי מיינט דאס קארעקט און אויפריכטיג מיט דער דעמאקראטיע, מיטן ארבעטערקלאס, מיט יידן אויך. בא דער לאגע, ווען שטעט און ישובים אין אוקראאינע זיינען געווען איזאלירט, אפגעריסן איינס פון אנדערן, און יעדער ישוב איז געווען כמעט א מלוכה פאר זיך, ווען קיין אינפארמאציע איז בכלל ניט געווען, ווער שמועסט שוין פון יענער זייט פראנט, בא אזא לאגע האבן יידן ניט געהאט כמעט קיין שום ידיעות וועגן די ״עקסצעסן״ און ״רציחות״, וואס די פרייוויליגע האבן געהאט אפגעטאן שוין אין יוני און אין יולי 1919. אפילו די באלשעוויסטישע פרעסע, וואס האט בכלל געווארנט, אז דאס גייט א פריציש־שווארצמאהדיגע מאכט, אפילו זי האט אויך ניט דערמאנט ספעציעל וועגן יידישע פאגראמען. כמעט יעדע שטאט, יעדער שטעטל האט דאריבער געמוזט דערגיין דעם ביטערן אמת ערשט, ווען מ׳האט אים שוין דערזעהן מיט די אייגענע אויגן. צו שפעט איז מען דעם אמת דערגאנגען, אבער ביז דעמאלט, האט א גרויסער טייל יידן געוואלט האפן און גלויבן, אז אַן ארמיי, וואס גייט ״באפרייען״ רוסלאנד, וואס שטעלט זיך איין פאר א פאראייניגט לאנד, פאר א גרינדונגס־פארזאמלונג, לויט אדמיראל קאלטשאקס דעקלאראציעס, און האט באוויזן אזא ענערגיע אינם קריג, אזא ארמיי איז אויך שטארק גענוג צו פארפעסטיגן א מאכט און מאכן א סוף צום בירגערקריג; זי פארמאגט אויך גענוג מלוכה־פארשטאנד, זי זאל געטריי שיצן די פרידליכע באפעלקערונג, יעדנפאלס, זי גופא זאל קיין פאגראמען ניט מאכן. אויף וואס נאך האבן געזאלט ארויסקוקן יידן, אשטייגער, אין א שטעטל באָהוסלאַוו (קיעווער גובערניע), וואס אין איר פאגראם־כראניק קאנט איר לייענען אזוי:

דעם 4 אפריל (1919) האבן פאַרטיזאַנעס גובר געווען בא אונז די באלשעוויקעס, זיינען אריין אין שטעטל, האבן צערויבט און רואינירט אלע יידן, האבן אויסגעהרגעט 20 און פארוואונדעט ביז 50 יידן. נאך דעם איז אונזער שטעטל געווארן אַ פּאָזיציע און האט געהאט אויסצושטיין כמעט אלע טאג א שרעקליכע ארטילערישע

שיסעריי. דעם 12 מאי האבן די באלשעוויקעס געמוזט אפטרעטן; די פּאַרטיזאנעס האבן זיך ווידער אריינגעריסן, דערהרגעט עטליכע יידן, בארויבט אלעמען, האבן ארויסגעפירט וואס ס׳איז געווען בא יידן פון סחורה און שטובזאכן און צולעצט, דעם 13 מאי, האבן זיי אונטערגעצונדן יידישע הייזער און קראמען. ס׳איז אוועק מיט פייער 50 הייזער, 100 קראמען און געשעפטן און 7 בתי־מדרשים!

דאס איז איינע פון די כראניקעס, וואס אַסך צעהנדליגער יידישע קהלות האבן זי געמעגט איבערדערציילן וועגן זיך, אויב ניט נאך מיט א צוגאב: פעטליורעשע קאזאקן, גריגאריעווס ארמיי, סטרוקס באנדיטן א. אז. וו.

יידן האבן זיך אינגיכן געקאנט איבערצייגן, אז זיי זיינען גע־שטאנען פאר דעם שווערסטן נסיון, און אז די ארויסגעקוקטע פריי־ווילליגע ארמיי האט באוויזן אויפצוטון נייס און אייגנס אפילו אין אזא רייכער פאגראם־פראקטיק, ווי אוקראאינע האט שוין דאן פארמאגט.

II

## ערב־פאגראם און פאגראם.

**דער פאגראם־וועג.** היינטיגן טאג קאן מען שוין זיכער זאגן, אז דער סטראטעגישער וועג פון דער פרייווילליגער ארמיי — דאס איז א פאגראם־וועג, אלצאיינס, צי האנדלט זיך דאס פונם נצחון־מארש אין יוני—אקטאבער (1919), צי פון דעם שרעקלויפן באם אפטרעטן פאר די באלשעוויקעס, (פון נאוועמבער 1919 ביז יאנואר — פעברואר 1920). „אזא און אזא מיליטערטייל פרייווילליגע איז אריין צו אונז מיט א פאגראם און איז ארויס מיט א פאגראם" — דאס איז דער סקארבאווער נוסח אין די רעלאַציעס פונם גרעסטן טייל ערטער, וואס וועגן זיי איז פאראן ידיעות (באָבראָוויץ, טשערניגאווער גוב.; באָהוסלאַוו, האָראָדישטש,

קאָרסון, טשערקאַס, סמילע, קיעווער גוב.; טאָמאַשפּאָל, פּאָדאָליער גוב. א. אז. וו.). דארט, וואו די פרייוויליגע האבן א פוס געשטעלט, דארט איז אומעטום די יידישע באפעלקערונג אויסגעשטאנען די ווילדסטע רציחות, הריגות און שאנד. דער דאזיגער וועג פון די פרייוויליגע האט זיך געצויגן דערהויפט מיט די אייזנבאנליניעס, איבער סטראטעגישע טעמים בכלל, בפרט נאך באם בירגערקריג, וואס פירט זיך ניט מיט קיין געשלאסענעם פראָנט פון עק צו עק, נאר דערהויפט בא די באן-און-וואסער וועגן, איז וויבאלד די פריי-וויליגע האבן פארנומען אן אייזנבאנפונקט, בפרט נאך א קנופ-פונקט, האט דאס געהייסן אזוי גוט, אז דער אנדערער צד, די באָל-שעוויסטישע, אדער די פעטליורעשע ארמיי, האט דערמיט גופא געמוזט אפגעבן א גאנצן פאס טערריטאריע צו מזרח אדער צו צפון פונם דאזיגן פונקט, און די דאזיגע טערריטאריע איז שוין אנגעקומען דעם געווינער אָהן געשלעג. אזוי ארום האט מען מעכאניש איינ-באקומען גרויסע שטיקעס לאנד שוין דערמיט גופא, וואס מ'האט פארנומען דעם געהעריגן סטראַטעגישן אייזנבאנפונקט, און מ'האט פארשפּאָרט מיט געווער ארויסצושפּאַרן דעם געגנער פון דעם גרעסטן טייל ערטער: די דאזיגע ערטער האבן שטיל, אהן געשלעג, פאר-נומען די צוגעשיקטע איספראווניקעס און סטראזשניקעס. איבער דעם און אויך ווייל די אויבערבאפעלער פון דער פרייוויליגער ארמיי האבן זיך געריסן מיט אלע כוחות וואס גיכער צו פארכאַפּן דעם צענטער, מאסקווע, און געלאזט ניט פארפעסטיגט דעם הינטערוקן פון דער ארמיי, איז געשעהן דער וואונדער, וואס ניט אלע יידישע קהלות אין אוקראאינע האבן פארזוכט דעם טעם פון דעניקינשע פאגראמען: ס'איז דארט פשוט קיין פרייוויליגע מיליטער-טיילן, ד. ה. קיין פאגראם-מאכער, ניט געווען.

די פרייוויליגע האבן זיך אנגערוקט אויף אוקראאינע פון מזרח צו מערב, ד. ה. פון ראָסטאָוו צו קיעוו, מיט די האָריזאָנטאַלע באַנ-ליניעס, וואס פירן צו קיעוו (דורך כאַרקאָוו, פּאָלטאַווע, ראָמאָדאַן אין צענטער, דורך סומי, קאָנאָטאָפּ, ניעזשין אין צפון-זייט און דורך זנאַמענקע, פּאַסטאָוו אין דרום-זייט) און מיט די זייטיגע באנליניעס,

וואס פאראייניגן די דערמאנטע הויפטמאַגיסטראַלן (דערהויפט די ליניע באַכמאַטש—טשערקאַס), און פון קיעוו קיין צפון אויף טשערניגאווער ראַיאָן און קיין דרום אין קיעווער—וואלינער געגנט, וואו זיי האבן ארויסגעשטופט פעטליוראס ארמיי אויף דער ליניע קיעוו—קאַזאַטין. קוקן מיר זיך צו צום דאזיגן וועג, אזוי באקומען מיר א בילד פון דער פאגראם־געאגראפיע. דער גרעסטער טייל פארוויסטע ערטער ליגט דירעקט בא די געהעריגע באנסטאנציעס (קאָנאָטאָפּ, ניעזשין, באָבראָוויץ, קרעמענטשוג, טשערקאַס, כאָראָל, פרילוק, ביעלאַ־צערקאָוו, פאַסטאָוו וכדומה), אדער גאר נאהנט צו באנסטאנציעס (קאנעוו, סטעפּאַנעץ, באָהוסלאַוו, מעזשיריטש, ראָסאַווע, טאַגאַנטשע, האָסטאָמעל, מאַקאַראָוו קיעווער גוב.; באָרזנאַ, באָווי־מגלין, אָסטיאָר טשערניגאָווער גוב. א. אז. וו.). פארקערט אויך דאס אייגענע: דער היסטאריקער פון דער דעניקינשער אַוואַנטיור וועט לויט דעם בלוטיגן פאגראם־שפור, וואס די פרייוויליגע האבן געלאזט נאך זיך, אימשטאנד זיין גאנץ גענוי פעסטצושטעלן דעם אהין און צוריק־וועג פון דער דאזיגער ארמיי און אפילו קריגן א באגריף פון אירע נצחונות און מפלות.

**דער אויף און אפ פון דער פאגראם־כוואליע. טיפן פאגראמען.**

אויפן אהינוועג, ווי ווייט די פרייוויליגע זיינען אריין טיפער אין געוועזענעם יידישן „תחום“, אין דער טיף שטעט און שטעטלאך מיט א מערהייט יידישע באפעלקערונג, דערהויפט אין קיעווער גובערניע, קאן מען באמערקן, ווי די פאגראם־כוואליע האלט אין וואַקסן. די פרייוויליגע האבן געהאט צו פארצייכענען דורכאנאנד נצחונות; די זיכערקייט און די האפנונג צו געווינען דעם קריג איז געוואקסן; פון אינעווייניג און פון אויסן האט מען געהאלטן אין איין רייצן אין דער ארמיי די יידנפרעסערישע חיה; די פאגראם־פראקטיק האט אויך געוויזן, אז יידן זיינען הפקר און ס׳איז ניטא וואס צו מורא האבן פאר קיין שטראף. בא אזא לאגע ווערט די פאגראם־פראקטיק וואס ווייטער אלץ קאמפליצירטער און באוואקסט מיט נייע צוועקן און מיט נייע מעטאדעס. אין דעם זין לאזט זיך פעסטשטעלן דריי פאג־

ראם־פּעריאָדן: 1) די צייט פון שטילע פּאגראמען, ווי זיי קאנען הייסן (אין כאַרקאָווער, און אין גרעסטן טייל פּאָלטאַווער און יע־קאַטערינאָסלאַווער גוב.). א שטילער פּאגראם הייסט אייגנטליך א לאחדים־פּאגראם: מ׳באפאלט און מ׳שלאגט טאג־טעגליך איינצעלנע יידן, מ׳בארויבט איינצעלנע יידישע דירות, היות אבער, ווי אזא פּאגראם ציהט זיך אפּט חדשים־לאנג (אשטייגער אין כארקאוו, יעקאטערינאסלאוו, קיעוו), לאזט זיך דאס אויס סוף כל סוף צו דער גארער יידישער באפעלקערונג אין שטאט. דער הויפּטצוועק איז דא א גזלה אויף דער גיך, דערהויפּט געלט, צירונג, בעסערע חפצים. הריגות טרעפן זיך דא בערך ווייניג, און די וויל מען אויך פאר־ענטפערן, אז מ׳מיינט קאמוניסטן, אדער מ׳איז אויסן זיך נוקם זיין אין זייערע אייגענע און גוטע פריינט. דאס ערגסטע אין די דאזיגע „שטילע פּאגראמען" — איז דאס שענדן יידישע פרויען. וואס ווייטער ווערט דאס שענד׳ן אלץ מער (די ערשטע צייט דערהויפּט אין יעקאטערינאסלאוו).

2) די צייט פון מאסן־פּאגראמען (אין מערב־טייל אין פּאָל־טאַווער גוב., אין דרום־טייל טשערניגאווער און אין מזרח־טייל קיעווער גוב.). משך 2—3 טאג באפאלט מען און מ׳בארויבט סיס־טעמאטיש די גארע יידישע באפעלקערונג. מ׳גייט פון הויז צו הויז, מ׳פארנעמט אלצדינג, אפילו דאס העמד פונם לייב, די לעצטע פּאר שיך, מ׳ליידיגט גרינטליך אויס די שטוב, פון מעבל און א פּיאַנע ביזן קיכנגעשיר, די געשעפטן, און דאס אלץ לאדט מען אין וואַ־גאנעס און מ׳פירט דאס אוועק אהיים אין די ווייטע סטאנציעס אויפן „שטילן דאָן". פאר א טייל זאכן מאכט מען דא אויף דער שטעל אן אקציאָן און מ׳פארקויפט דאס אויס פאר קליינגעלט אָר־טיגע און ארומיגע קריסטן. פּאַראַלעל צום רויבן האלט מען דא אויך אין פארניכטן יידיש גוטס, אלצדינג, וואס ס׳איז שווער אדער ס׳לוינט ניט אוועקצונעמען; טיילווייז צינדט מען יידישע הייזער און קראמען און מ׳הרג׳עט צו ביסלאך; ס׳לאזט זיך אבער אויסקויפן דאס לעבן פאר א היפּשער מטבע, דערהויפּט מיט „ניקאָלאַיעווער" געלט. מאסנווייז שענד׳עט מען יידישע פרויען.

3) די צייט פון בלוטיגע פאגראמען, אדער שחיטות. (קיעווער און טשערניגאווער גוב. סוף אווגוסט און סעפטעמבער 1919, אויך פאדאליער גוב. באם צוריקלויפן ביז פעברואר 1920). אזוינע פאגראמען קומען פיר די ערשטע צייט דערהויפט אין אזוינע ערטער, וואס גייען איבער פון האנט צו האנט, אפט עטליכע מאל דורכאנאנד (באָרזנאַ 5 מאל); מ'איז זיך נוקם פאר דער צייטווייליגער מפלה, און דער אויסרייד איז די פראָוואָקאַציע, אז יידן זאלן האבן געשאסן אין די פרייוויליגע פון הייזער און פארשטעקטע ערטער. אזוינס זעהען מיר צו אין ניעזשין, באָרזנאַ, קאָנאָטאָפּ, נאָווי־מגלין טשערניגאווער גוב.; אין פאסטאוו קיעווער גוב. א. אז. וו. דערהויפט אבער באם צוריקלויפן: אין קריוואָיע־אָזעראָ, טאָמאַשפאָל, סאַווראַן פאָדאָליער גוב.. אין א טייל ערטער אין קיעווער גוב. א. אז. וו. מאסנווייז הרגעט מען דא אויס מיט די ערגסטע ענויים די יידישע באפעלקערונג (אין פאסטאוו ביז 600 נפשות, בערך אזא צאל אין קריוואָיע־אָזעראָ א. אז. וו.), וואס באווייזט ניט צו באַהאלטן זיך, אדער צו אנטלויפן; קיין אויסקויף העלפט דא ניט. מאסנרויבערייען, צינדן און שענדן געהערן דא געוויינטליך צום נוסח.

ניט שטענדיג איז דער פאגראם־נוסח שטריינג אויסגעהאלטן, סיי אין פרט צייט, סיי דערהויפט אין פרט פראָוואָקאַטאָרישע אויסריידן, ווי אשטייגער די שחיטה אָהן אַן אויסרייד אין ראָסאַווע, קיעווער גוב., דעם 28 אויגוסט 1919, באלד ווי די פרייוויליגע האבן פארנומען דאס דארף. אבער בכלל שטימט די דערמאנטע סכעמע מיט דעם, וואס איז ביז איצט באוואוסט וועגן די פאגראמען פון דער פרייוויליגער ארמיי.

נאך די מאסנשחיטות סעפטעמבער 1919 איז צו באמערקן א געוויסע ענדערונג. און דא האט אויך צו זאגן די נייע לאגע אויפן פראנט. דער אַטאַקע־ענערגיע פון די פרייוויליגע פארפעלט א טעם, זי וועפט זיך אויס. די באלשעוויקעס פארפעסטיגן זיך אין מערב טייל קיעווער גוב. (באם טייך איר־פען — מיט דער ליניע בערדיטשעוו א. וו.) און אין צפון־טייל טשערניגאווער גוב. און הויבן

שוין אָן ארויסצושפּאַרן די פּרייוויליגע· די פּאָליאַקן האלטן פארנו־ מען דעם מערב־טייל וואָלינער און פּאָדאָליער גוב·· טיילווייז זיי־ נען דאס די גאַליטשאַנער (וויניצער ראַיאָן)· דער דרום (כער־ סאָנער, א טייל פּאָדאָליער גוב·)· וואו ס׳אָפּערירט באראָן שילינגס ארמיי, איז אפּגעריסן פון צפון־אוקראאינע, ווייל אין מיטן, אין יעקאטערינאסלאווער גוב· (אויך אין טאווערישער) רייסט זיך ארײַן דער געוויסער אַטאַמאַן מאַכנאָ· די הויפּטקרעפטן, וואס זיינען ביז איצט געווען פארטון אין אוקראאינע, שפּאַרט מען איצט קיין צפון און קיין מזרח; דער קאמף קומט פיר דערהויפּט אין די רוסישע גובערניעס, מיט קליינע יידישע קאלאניעס, אויף די וועגן קיין מאסקווע[2]) (מאַמאנטאָוו־שקוראָס אָנפאַלן)· און ווייל ס׳פעלן אויס נייע יידישע שטעט, בלייבט ניט מער, ווי צו אפּענדיגן מיט די אלטע, שוין לאנג פארנומענע, וואו די הויפּטפאגראם־ארבעט איז שוין געווען אפּגעטאן· דער פאגראם־שטורם ווערט שטילער, ס׳פירט זיך דער „שטילער פאגראם”·

א נייער פאגראם־שטורם ברעכט אויס שוין בא דער גסיסה פון די פּרייוויליגע, באם שרעקלויפן פאר דער רויטער ארמיי· ס׳חזרן זיך איבער פאגראמען צום צווייטן, צום דריטן, צום פערטן מאל א· אזי· ווי· אין א טייל ערטער אין קיעווער גוב· (דעקאבר 1919: האָראָדישטש, טשערקאַס, סמילע, סטאַווישטש, מאָנאַסטירישטש, טעטייעוו וכדומה)· א טייל ברעדאָווס ארמיי פּרובט זיך דורכרייסן קיין רומעניע, מ׳לאזט זי ניט דורך, זי פארקערעוועט און מאכט נאך פאגראמען אין פּאָדאָליער גוב· יאנואר—פעברואר 1920 (טאָ־ מאַשפּאָל, יאַמפּאָל, מיאַסקאָווקע, דזשורין, יאַרוגע, ווערבקע א· אזי· וו·)· און נאך סוף אפּריל (1920), ווען פּעטליורא צוזאמען מיט די פאליאקן מאכט א נייעם אנפאל אויף אוקראאינע, טרעפן מיר נאך די אלטע פאגראם־מאכער, א רעשטל פון דעניקינס פארבליבענע

---

[2]) פונדעסטוועגן פארגעסט מען אין די דאָזיגע קאלאניעס אויך ניט, און דא קומען פיר שחיטות: אין באַלאַשאָוו (דעם 1 און 14 יולי), אין קאָזלאָוו, יעלעץ (דעם 31 אויגוסט— 7 סעפּטעמבער), אין אָריאָל א· אזי· וו·

דאָנער אין קובאַניער קאזאקן, וואס מאכן א שחיטה אין קאַליוס (פאָדאָליער גוב.), דאס מאל אין דינסט... בא פעטליורען און בא די פּאָליאַקן!

**עָרבות־מענער.**

פריהער, איידער מיר ווען צוגיין צו באשרייבן גענויער דער פרייוויליגער ארמייס פאגראם־ארבעט און דעם שווארצן סך־הכל פון דער דאזיגער ארבעט אינם יידישן לעבן, איז כדאי זיך אפצושטעלן אויף איין פאקט, וואס כאראקטעריזירט אמבעסטן די באנעמונג פון די פרייוויליגע צו יידן בכלל, און איז בפרט א שטיק אויסטייטש פאר דער סעריע פאגראמען, וואס האט זיך באלד דארויף אנגעהויבן. איך מיין דא די מעשה מיט די עָרבות־מענער, וואס די פרייוויליגע האבן גענומען בא יידן. מ׳האט פון דאסניי איבערגענומען די דאזיגע מעטאדע, וואס דער אלטער צארישער רעזשים האט זי אויסגעפרובט און זיך אפגעטרייסלט פון איר שוין די צייט פונם וועלטקריג. די אלטע מעטאדע האט מען באדארפט פאר אלטע צוועקן: דאס, ווי אנדערע אזוינע אויפטועכן, זאל ווייזן, אז יידן זיינען „רוסלאנדס שונאים״ און מ׳דארף זיי צוריק אומקערן צום אלטן צושטאנד קנעכטשאפט און יאָך.

דעם 18, 19 יוני האט מען אין וואַלק (כארקאווער גוב.) ארעסטירט פאר ערבות־מענער פאר יידן 11 פארשוין (שלעזבערג — א זייגער־מאכער, גליקין — א שניידער, כּץ — א סטודענט, בראַנדעס — א פרוי — א דאקטאר א. אנד.). דער אויסרייד איז געווען, פארוואס האבן באלשעוויקעס, באם אפטרעטן פון פארשידענע ערטער, גענומען ערבות־מענער פון צווישן די פארמעגליכע קלאסן, אגב אָהן קיין נאציאנאלן אונטערשיד, יידן און קריסטן גלייך. פינף פון די דאזיגע יידן ערבות־מענער האבן געארבעט יענע צייט מיט זייערע רוסישע קאָלעגען אין די גאָרטנס, וואס א גרופע גלידער פון דער כארקאווער וועגעטאַרישער געזעלשאפט האט ארגאניזירט. א פארטרעטער פון דער דאזיגער גרופע, גריגאָרי כוואָסטאַטי, האט זיך אנגענומען פאר די ארעסטירטע יידן און האט באקומען פון אפיצערן אזא תשובה: „מיר האבן ניט גארניט קעגן אייערע גערטנירער, נאר קעגן א געוויסער נאציע״. דער געהילף קאמענדאנט האט נאך צו־

געגעבן: „אלע זשידעס זיינען באָלשעוויקעס, מ'מעג זיי שניידן און הרגענען". איינעם אן ערבות־מאן, גליקין, האט מען דעם 20 יוני געשאסן; דער אנדערער, שלעזבערג, איז אראפ פון זינען. די איבריגע האט מען אפגעלאזט דעם 1 יולי. יענע צייט האט די פרייוויליגע ארמיי ערשט אנגעהויבן ערנסט צו אנטוויקלען די קריגס־אפעראציעס; אומעטום האט מען געפויקט, אז זי איז דעמאקראטיש און באציהט זיך צו אלע רוסלענדער פעלקער גלייך; און די אויבער־באפעלער האבן זיך געכאפט, אז די מעטאדע ערבות־מענער פאסט ניט. דער פשוטער קאזאק און אפיצער, וואס פארנעמען זיך מיט קיין פאליטיק ניט, האבן געפונען א זיכערע, א פשוטערע מעטאדע, וואס אגב לוינט זי מער אויך, ווי צו האלטן דעם „שונא" אין דער מורא, און האט דא אויף דער שטעל געמאכט א פאגראם.

## דער קבלת־פנים.

פריהער איז שוין דא דערמאנט געוועזן, אז א געוויסער טייל יידן פונם האנדלס־אינדוסטריעלן קלאס זיינען נאך דער באלשעוויסטישער מאכט אויפגעלייגט געווען צו האלטן די פרייוויליגע ארמיי פאר „זייער" אן אייגענעם רעזשים, וואס וועט צוריק אויפשטעלן א וועלט פון פריוואט־אייגנטום און פרייהאנדל.

אבער אפגעזעהן פון עקאנאמישע אינטערעסן און פאליטישע סימפאטיעס, האט א גרויסער טייל יידן, טעראריזירט און דערשלאגן פון פאגראמען אהן א סוף און פון שטענדיגער טויטשרעק, באאיוו געגלויבט, אז די פרייוויליגע — דאס איז א זייל „רעכט און ארדנונג" און האט געגאַרט, אז די דאזיגע ארמיי זאל איינפירן א „פעסטע מאכט" און זאל אויסלייזן יידן פון פאגראמען. דעריבער האט מען געזעהן פריינדליך מקבל פנים צו זיין די פרייוויליגע ארמיי; מ'האט אקעגנגעשיקט דעפוטאציעס מיט ברויט מיט זאלץ, מ'האט די אנגעקומענע דערלאנגט כּבוד און מ'האט געשענקט היפשע סומען פאר דער ארמיי. אבער שוין דא, באלד אין אנהויב, דערזעהט מען, ווי ביטער מ'האט זיך גענארט. זאלן דא דערמאנט ווערן איניגע פאלן פון אסך אזוינע. דריי מאל גייט ארויס א יידישע דעפוטאציע איז באָריספאָל (פאלטאווער גוב.) מקבל פנים זיין די ליבע געסט

(דעם 25 אווגוסט 1919)׳ און טרעפט אלץ ניט דעם פירער פון דעם מיליטערטייל׳ זי פרעגט זיך נאך אויף אים און קריגט אזא ענטפער: „ברויט מיט זאלץ וועט אייך ניט העלפן׳ זשידאָווסקע מאָרדעס!״ אין באָבראָוויץ קומט אָן אַן אויסשפירטייל (דעם 13 סעפטעמבער); יידן און קריסטן גייען צו׳ און יידן דאנקען פאר דעם גליק׳ וואס איצט זיינען זיי פטור געווארן פון א פאגראם׳ וואס איז געהאנגען איבער זיי פון ראַמאַשקאָס אַ באנדע׳ וואס ארבעט אין יענער געגנט׳ אבער דא אויף דער שטעל קריגן זיי צו הערן: „וואס פרייען זיי זיך׳ די זשידעס׳ ס׳וועלן אנקומען אונזערע׳ וועלן מיר זיי (יידן) אלצ־איינס אויסקוילען״׳ און דא׳ ווי אין אנדערע ערטער אויך׳ איז מען אויף דער שטעל מְקַיֵם דעם צוזאג׳ און מ׳הויבט אן צו רויבן׳ שענדן׳ קוילען יידן׳ ס׳העלפט אויך ניט קיין מאלצייט פארן אנגעקומענעם מיליטערטייל פאר יידיש געלט בא א יידן אין הויז (אין פּאַוואָלאָטש׳ קיעווער גוב׳ דעם 17 אקטאבער); ס׳העלפט ניט׳ וואס מ׳שפייזט דורכאנאנד די קאזאקן (אין פּאַסטאָוו׳ קיעווער גוב)׳ א שרעקליכן סוף האט געהאט די יידישע דעפוטאציע אין קאָרסון׳ דעם 24 אוי־גוסט איז די באלשעוויסטישע מאכט אוועק׳ אין שטאט איז מען דערגאנגען׳ אז א טייל טערער פלאסטונער בריגאַדע געפינט זיך 8—10 ווערסט פון דאנען אויף דער סטאנציע ראַזוואַדאָווקע׳ א דעפוטאציע פון 4 קריסטן און 3 יידן לאזן זיך אהין באגריסן דעם טייל און אים בעטן פארנעמען די שטאט׳ דעם 25 אויגוסט באווייזט זיך א קליינע גרופע קאזאקן׳ קריסטן און יידן מיטן רב אויבנאן נעמען זיי פריינד־ליך אויף׳ דא אויף דער שטעל ווערט א מיטינג׳ מ׳זאגט ריידעס׳ און מ׳פארזיכערט׳ אז די פרידליכע באפעלקערונג מעג זיין רוהיג׳ קיינע רציחות וועלן ניט פירקומען׳ זאל די באפעלקערונג זיך האלטן רוהיג און טאלעראנט א׳ אז׳ וו׳ אויף מארגן (דעם 26 אויגוסט) פארכאפן אָרטיגע באלשעוויקעס די שטאט אויף עטליכע שעה׳ און צוויי פון דער יידישער דעלעגאציע (שייַנבלום און סלאַוואטסקי) קאסט דאס דאס לעבן דערפאר׳ וואס זיי האבן באוויזן סימפאטיע צו די פריווויליגע; דער דריטער האט זיך אויסבאהאלטן׳ דעמזעלבן טאג קומט ווידער א טייל פון דער פלאַסטונער בריגאדע און פאר־

טרייבט די באלשעוויקעס, און דא אויף דער שטעל הויבט זיך אן א שחיטה, און ס׳קומען אום אין שרעקליכע עינויים, ממש צעריסן אויף שטיקער, דער רב, וואס האט זיך נעכטן באטייליגט אין מקבל פנים זיין די פרייוויליגע. מייסטנס הויבט זיך אן דער פאגראם מיט דער דעפּוטאציע גופא. אין קאַהאַרליק (קיעווער גוב.) האט מען „מיט חסד" אויפגענומען די יידישע דעפּוטאציע, אבער דער אָפיצער האט זיך נאך ניט באוויזן אויסצוקערעווען, זיינען זיינע סאלדאטן באפאלן די דעפּוטאציע און זיי באנומען, וואס נאר זיי האבן געהאט (דעם 29 אויגוסט). אין א שטעטל קאָבישטשע (טשערניגאָווער גוב.) איז מען באפאלן די יידישע דעפּוטאציע, וואס איז געקומען אויפן וואקזאל, באנומען איר פון קאפ ביז פיס, אויסגעטאן נאקעט און געמַזיקט. דאס שטעטל מאַקאַראָוו (קיעווער גוב.) מיט 4000 יידישע נפשות איז שוין פריהער, פון יוני ביז סוף אויגוסט, אויסגעשטאנען דורכאנאנד פאגראמען פון ארומיגע באַנדעס. יידן זיינען זיך צעלאפן, געבליבן איז אקעגן 200 זקנים און זקנות. זיי האבן ארויסגעשיקט א דעפּוטאציע פון 17 גרייזגרויע לייט; צוריק זיינען זיי ניט געקומען: מ׳האט זיי צעריסן אויף שטיקער.

### דער פּאָגראָם.

ווי געזאגט, איז אין אלע אזוינע פאלן הויבט מען אן פון דער דעפּוטאציע, דאס איז כמו א סיגנאל פאר דער ווייטערדיגער פאגראם־ארבעט. ס׳קומט אריין אין שטאט א מיליטערטייל, מייסטנס קאזאקן, דא אויף דער שטעל צעווארפט מען זיך איבער דער שטאט קליינע גרופּעסווייז, צו 5, צו 6, צו 10 מאן, אפט מיט די אפיצערן צוזאמען, מ׳בארויבט און מ׳שלאגט יידן, ווען מ׳טרעפט נאר אין גאס, מ׳טוט זיי אויס נאקעט, אפט שיסט מען און מ׳האקט מיט שווערדן און מ׳צווינגט די אומגליקליכע קרבנות מיטגיין און אנווייזן, וואו ס׳וואוינען רייכערע יידן, און יידן בכלל. אין אסך פאלן קומען צו הילף ארטיגע כוליגאנעס, וואס פירן און ווייזן דעם וועג; זיי לעקן דערביי אויך אפ א ביינדל פון דער בלוטיגער סעודה. אין יידישע הייזער מאנט מען קודם כל געלט, דערהויפט „ניקאָלאַיעווער", צירונג, גאלד, זילבער. אנגעשראקענע יידן, וואס זיינען אגב שוין אנגעלערנט פון די פרי־

הערדיגע פאגראמען, מאכן ניט קיין שהיות און לייגן ארויס אויפן טיש אלצדינג פון די קעשענעס, פון די שופלאדן וכדומה, און דאס פאקט זיך באלד איבער צו די קאזאקן אין די טאשן, אין די זעק. מ׳באנעמט יעדן אלץ, וואס ער האט אויף זיך ביז דער לעצ־טער העמד. אבער דערמיט שטעלט מען זיך ניט צופרידן און מ׳מאנט דאס אויסבאהאלטענע. מיט אנשרעקן און מיט מכות רצח, מיט די שרעקליכסטע ענויים, ווי אשטייגער הייגגען, נויט מען אנצווייזן, וואו און וואס איז אויסבאהאלטן. מ׳געטרויט ניט און מ׳נעמט אליין רייסן אויוונס, ווענט, דילן, מ׳לאזט ארויס פעדערן פונם בעטגע־וואנט, מ׳צעטראגט בוידעמער, קעלערס, מ׳צעגראבט דעם הויף. בלייבט מען אומצופרידן מיט דעם, וואס מ׳האט אפגעגעבן „מיט גוטן", אדער געפינט מען עפעס אויסבאהאלטן — איז פייניגט מען אויפן שרעקליכסטן שטייגער, מ׳שרעקט צו שיסן, סיידן זיך אויס־קויפן פאר א היפשער סומע; געלט ראָט מען לייַען צו דעם צוועק בא שכנים קריסטן. אינם דאזיגן גרויל, ווען פרויען און קינדער יאמערן און וויינען, פארוואונדעטע קרעכצן, ס׳קנאקן צעבראכענע שויבן, ס׳קראכט צעבראכן מעבל, צעוואָרפענע אויוונס, געלעכערטע ווענט, נעמט א טייל געסט שענדן פרויען דא פאר עלטערן, מענער, קינדער אין די אויגן און טרעט נאכדעם אפ דאס ארט דער אנ־דערער, פריהער „פארנומענער" גרופע. מ׳קוקט ניט אויף קיין על־טער, ס׳העלפט ניט קיין בעטן, קיין וויינען, יעדער אקעגנשטעלן זיך, סיי פון דער פרוי, סיי פון די ארומיגע, לאזט זיך אויס מיט הריגות. אפט פירט מען אוועק פרויען מיט געוואלד מיט זיך. אפ־געטאן די ארבעט, פארנעמט מען דאס יידישע גוטס, מ׳פאקט דאס אין פורן, אין אייגענע, אדער פויערשע, אדער אין משא־אויטא־מאבילן, מ׳פירט דאס אפ אויפן וואקזאל און מ׳לאדט אָן וואַגאָנעס. אין איינצעלנע פאלן גיט מען איבער דאס גוטס די פרויען, וואס זיינען געקומען זיך זעהן פון דאָן און קובאַן (אַ פאַל אין בעלאַ־צערקאוו). דאס, וואס מ׳קאן ניט אדער מ׳וויל ניט מיטנעמען, אשטייגער מעבל, צעברעכט מען אדער מ׳שיינקט דאס ארטיגע כולי־גאנעס אדער ארומיגע פויערים, וואס פארן זיך צונויף אין אזוינע

פאלן מיט וואגנס און גרייטע זעק· איצט נעמט מען זיך ערשט
פאר דעם הויז: מ׳ברעכט טירן, פענסטער, מ׳צעוואָרפט אויוונס,
פונם הויז ווערט א חורבה, אויב מ׳צינדט דאס ניט אונטער גאר·
אוועק איין גרופע, קומט א צווייטע, א דריטע א· אזוי ווי דער חורבן,
וואס די ווייטערדיגע זעהען צו מיט אייגענע אויגן, נעמט זיי ניט:
מ׳מאנט ווייטער געלט, צירונג, א· אזוי ווי מ׳ווערט צערייצט ווי
חיות, מ׳שלאגט און מ׳פייניגט און מ׳שטעכט און מ׳שיסט, אויב
מ׳האט ניט באוויזן צו אנטלויפן און זיך אויסבאהאלטן נאך דעם
ערשטן וויזיט· די יידישע באפעלקערונג, כמעט נאקעט און בארוועס,
האלב משוגע פון דעם אוממענשליכן פּיין, לויפט ארויס אין גאס,
וואו ס׳קומט פיר א ווילד געיעג אויף מענשן· זוכט א באהעלטעניש,
לויפט פון הויז צו הויז און טרעפט אומעטום דאס אייגענע בילד,
לאזט זיך אין וואו א לאָך, אין פעלד, אין וואלד· אין בעסטן פאל
קאן מען זיך באהאלטן בא א באקאנטן שכן א קריסט, אבער ניט
אויף לאנג, ווארום באלד לאזט מען ארויס א קלאנג, אז מ׳טאר בא
זיך קיין יידן ניט אויסבאהאלטן, און דער גוטער קריסט בעט דעם
יידן זיך אפטראגן, אויב ער ווארפט אים ניט ארויס גאר· דאס גע־
דויערט „געזעצליכע 3 טאָג״, וואס מ׳מעג „הוליען״, ווי קאזאקן
דערציילן, און וואס ציהען זיך אמאל מער, אמאל ווייניגער, גע־
ווענדט אין דעם, ווי ווייט די ארבעט איז אפגעטאן· פאר דער
דאזיגער צייט געפינען זיך ריזיקאנטן אדער פארצווייפלטע, וואס
שטעלן איין דאס לעבן און קריכן דורך צו „נאטשאלסטווע״ זיך
קלאגן· דא קריגן זיי קודם כל אויסצוהערן א לעקציע, אז „זשידע׳ס
זיינען קאמיסארן״, אז אלע יידן זיינען באלשעוויקעס, אז יידן
האבן אומגליקליך געמאכט רוסלאנד און זיי זיינען שונאים דער
פריוויליגער ארמיי, אדער זיי קריגן אויסגעזידלט און ארויסגע־
טריבן, געווענדט אין דער פערזענליכער שטימונג און אין מלוכה־
קאפ פון יעדן קאמענדאנט, גאַרניזאָן־באפעלער וכדומה· יידן ראָט
מען „מיט גוטן״ אריינטראגן א קיילעכדיגע מטבע אויף כבוד פאר
קאזאקן און מ׳זאגט צו, אז מער וועט שוין אזוינס ניט פאסירן,
מ׳האט שוין „געטאן מיטלען״· אבער פון „נאַטשאַלסטוועס״ רייד

איז צו זעהן אָפן אדער פארשטעלט, אז אייגנטליך טון קאן מען גאר ניט, ווייל די קאזאקן זיינען שרעקליך „אויפגעבראכט" אויף יידן באָלשעוויקעס, און זיי זיינען „גערעכט". אפט לאזט מען ארויס באפעלן אויך, מ'זאל אויפהערן צו באגיין „גוואלדטאַטן" קעגן דער פרידליכער באפעלקערונג. די אלע „מיטלען" און „באַפעלן" פארמאגן די אייגנשאפט, וואס קיינער הערט זיי ניט: די פאגראמבאנדע קען זעהר גוט „נאַטשאלסטווע" און לאכן זיך אויס פון דעם פאפירענעם רוגז און פאפירענע שמירות. דער פאגראם מאכט זיך ווייטער ביז ער לאזט זיך נאטירליך אויס, ד. ה. ביז ס'איז שוין ניטא מער וואס צו רויבן, חרוב מאכן. מייסטנס באווייזן זיך די באפעלן שוין נאך אלעמען. ס'איז באוואוסט אַ פאַל אין בעלאצערקאוו, ווען פאָלקאָווניק סאַכאַראָוו האט פארעפנטליכט א באפעל קעגן פאגראמען (דעם 1 סעפטעמבער 1919), אין צוויי וואכן ארום נאכן אנהויב פאגראם.

ס'גייט דורך אפאר טעג, און די, וואס זיינען געבליבן לעבן, קריכן ארויס פון די לעכער, נעמען צונויף די הרוגים פון די הייזער, פון די בוידעמס, פון די קעלערס און פון די גאסן, וואס הינט און חזירים האבן זיי געריסן, אפגעבן די קדושים זייער לעצט רעכט אין גרויסע ברודער־קברים. זעלטן, ווען די דאזיגע טרויעריגע צערעמאניע גייט אפ גלאט: אזויפיל יידן מיט אמאל, איז ווידער א געלעגנהייט זיך נוקם זיין אין „באלשעוויקעס" און ארויפציהען די לעצטע פאר שטיוול, מְאַנֵס זיין פרויען וכדומה (אין באָבראוויץ, טשערניגאווער גוב. האט מען בא אזא לְוָיָה געשענדעט אויפן בית עולם דעם שומר'ס 15־יאריג מיידל). צולעצט „ווערט רוהיג", ווי קאמענדאנטן שרייבן אין זייערע רעלאַציעס; אנשטאט פריהערדיגע מאסנרויבערייען און הריגות קומט איצט פיר דער „שטילער פאגראם", מ'באפאלט א יידן אין גאס, אויב ער האט נאך עפיס בא זיך און אויף זיך, מ'באפאלט א יידיש הויז. וואו נאר די זון פארגייט, ווערט אין שטאט מאוימדיג־שטיל, קיין ייד ווייזט זיך ניט אין גאס; צעהנדליגער געזינדן קומען זיך צונויף אין דעם ביסל גאנץ־געבליבענע הייזער, כדי צוזאמען איבערצוטראגן די אימה און די

וויסטע נעכט׳ מ׳פאַרשפּאַרט זיך׳ מ׳פאַרהאַקט טיר און טויער און מ׳הערט זיך צו צו יעדן שאָרך׳ אין דער דאָזיגער טויטשטילקייט לאָזט זיך הערן דאָ און דאָרט אַ שאָס פון אַ ביקס און באַלד דערויף שרעקליכע קולות׳ דאָס שרייט אַ באַפאַלן הויז און די אַרומיגע שכנים׳ מ׳קלאַפּט׳ מ׳פויקט׳ מ׳פייפט׳ אַ נאַאיוו מיטל צו וויסן געבן „נאַטשאַלסטווע" און פאַרטרייבן די מערדער׳ פון דער דאָזיגער אימה און פון די ווילדע געשרייען אין די פינסטערע נעכט איז אונז געבליבן אַזעלכע בילדער׳ וואָס פאַרדינט דעם בעסטן צוטרוי׳ באַשריבן האָט דאָס ניט קיין אַנדערער׳ ווי וו׳ שולגין׳ דער רעדאַקטאָר פון „קיעוולייאַנין"׳ אַ מקורב אין די הויכע פענסטער׳ דער אמתער אידעאָלאָג פון דער פּאָגראָמאַרבעט׳ מגזם זיין די רציחות פון זיין פּריוויליגער אַרמיי איז ער געוויס ניט פאַראינטערעסירט׳ און ער שרייבט אַזוי:

„אין די נעכט ווערט אין קיעווער גאַסן אַ מיטלעלטערישע אֵימָה׳ אין טויטשטיל׳ אין פוסטער גאַס דערהערט זיך אַ האַרצרייסנדיגער געשריי׳ דאָס שרייען די „זשידעס"׳ זיי שרייען פון מורא׳ אין גאַספינסטער באַווייזט זיך ערגיץ אַ הייפל „פאַרשוינען מיט שפּיזן"׳ און׳ דערזעהן זיי׳ הויבן אָן צו הײלן גרויסע פּילשטאָקיגע הייזער פון אויבן ביז אַראָפּ; גאַנצע גאַסן׳ באַפאַלן פון טויטשרעק׳ שרייען מיט אוממענשליכע קולות׳ ציטערנדיג פאַרן לעבן׳

ס׳איז אָן אֵימָה צוצוהערן די דאָזיגע קולות... דאָס איז אַן אמתער גרויל׳ אַן אמת׳ע שרעקאינקוויזיציע׳ וואָס די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט אויסצושטיין"׳[3]) וו׳ שולגין האָט יענע צייט געוואוינט אין קיעוו אין אַ יידישן קוואַרטאַל (אַגב׳ דאָ דערביי דער אויבערבאַפעלער פון קיעווער געגנט׳ גענעראַל דראַגאָמיראָוו׳ אויך); ער האָט זיך גענוג אָנגעהערט די דאָזיגע „אוממענשליכע קולות"׳ דערהויפּט די נעכט דעם 17—22 אָקטאָבער 1919׳ און מ׳קאָן זיך

3) „די שרעקאינקוויזיציע"׳ „קיעוולייאַנין"׳ N 37 פונם 8/21 אָקטאָבער 1919׳

אויף אים פארלאזן· ניט מער׳ ער האט צניעותדיג פארשוויגן די מעשים פון די „פארשוינענע מיט שפיזן״׳ און אגב פון דער גאנצער טראגעדיע געבומען פאר זיך און פאר יידן אן אייגענעם מוסר־השכל; דערפון וועט נאך אויסקומען צו ריידן·

אזוי איז „רוהיג״׳ ביז ס׳ברעכט אויס פון ס׳נײַ בא עפיס א געלעגנהייט· אזא געלעגנהייט איז: ס׳גייט אוועק איין מיליטערטייל און ס׳קומט אן אנדערער׳ א מפלה אויפן פראָנט· באָלשעוויקעס פארכאפן די שטאט אויף א ווייל און מ׳פארטרייבט זיי׳ די ארמיי טרעט אפּ וכדומה· אין אזוינע פאלן ברעכט ווידער אויס א פאגראם׳ נאך מיט מער רציחה און אימפּעט· די דאזיגע איבערגעחזרטע פאג־ראמען זיינען געוויינטליך די שרעקליכסטע׳ די בלוטיגסטע·

פאקטיש קומט דא פאר א פערמאַנענטער פּאָגראָם׳ וואס ציהט זיך וואכן און חדשים־לאנג (באָבראָוויץ׳ באָרזנאַ׳ נעזשין טשערניגאווער גוב; באָהוסלאַוו׳ בעלאַ־צערקאָוו׳ פאַסטאָוו׳ טשער־קאַס קיעווער גוב· א· אנד·)׳ מיט שארפע פאגראמקראַמפן באם ארייַן און ארויס און מיט דעם „שטילן פאגראם״ אין דער מיט׳ די „רוהיגע״ טעג· אין די גרעסערע שטעט (כאַרקאָוו׳ יעקאַטערינאָס־לאַוו׳ קיעוו) קומט פיר דערהויפּט א „שטילער פאגראם״׳ נאר בא א „געלעגנהייט״ ברעכט אויס דער באקאנטער מאסנפאגראם· קיעוו האט אזא מאסנפאגראם איבערגעלעבט פאר גענעראל דראַגאמיראָוו (דער אויבערבאפעלער)׳ גענעראַל ברעדאָוו (מיליטערפירער) און אנדערע גענעראלן און „נאטשאלסטווע״ אין די אויגן די טעג 17—22 אָקטאָבער׳ נאכדעם ווי די פרייוויליגע זיינען שענדליך אנט־לאפן פאר א הייפל „רויטע״ און האבן דערנאך צוריק „איינגענו־מען״ די שטאט·

דער פערמאנענטער פאגראם לאזט זיך אויס׳ אדער הערט אויף אויף א צייט׳ נאר אין איינעם פון די צוויי פאלן: אדער אז די קאזאקן גייען אוועק׳ אדער אז דאס לעצט ביסל יידן צעלויפט זיך· גאנצע קהלות׳ וואס האבן שוין ניט געקאנט מער איבערטראגן די אינקוויזיציע און די טויטשרעק און האבן שוין ניט געהאט מער וואס אנצוווערן׳ האבן זיך פארנומען מיט זקנים און מיט קינדער

און מיט קראנקע און מ׳האט זיך צו פוס געלאזט אין געפערליכן וועג אריין וואוהין די אויגן טראגן, מייסטנס אין נאהנטסטע קהלות, וואס זיינען אויך אזוי פארוויסט און חרוב געווארן, ווי זייערע אייגענע.

III

## דער אייגענער פאָגראָמשניט בא דער פריי־וויליגער ארמיי.

אוקראאינע האט שוין פריהער, פאר די פרייוויליגע, פארמאגט א רייכע פאגראמפראקטיק און פארשידנאַרטיגע פאָגראָמסטילן פון פעטליורעס רעגולערע מיליטערטיילן, אטאַמאַנעס און סתם־באנ־דיטן. פונדעסטוועגן האט די פרייוויליגע ארמיי באוויזן דא אויך צו מחדש זיין, מיטברייענגען נייס און אייגנס, און איר פאגראמארבעט שפּאַרט ארויס מיט אן אייגענעם שניט פון דער גארער פריהערדי־גער פאגראמפראקטיק. דאס וויכטיגסטע אינם דאזיגן שניט איז: 1) דער מיליטערישער כאראקטער פונם פאגראם, 3) דאס שענדן פרויען מאסנווייז, 3) ספּעציעלע ענויים און פייניגונגען, 4) דאס פארניכטן און אויסרייסן מיטן ווארצל גאנצע קהלות, אין דעם פרט קאנען אקעגן די פאגראמען קאנקורירן בלויז די קאזאקישע שחיטות דאס 17 און 18 יאהרהונדערט אין כמעלניצקי׳ס (גזרת ת״ח, 1648) און גאָנטע׳ס צייטן (גזרת תקכ״ח, 1768).

**דער מיליטערישער כאראקטער פון די פאגראָמען, די באַציהונג פון דער ארטיגער באפעל־קערונג.**

אין די פריהערדיגע פאגראמען דאס יאר 1919 האט זיך אקטיוו באטייליגט די ארטיגע קריסטליכע באפעלקערונג, דער־הויפּט די פינסטערע מאסע פויערים און שטאטישע און דער רעאקציאנערער טייל אינטעליגענץ, בפרט נאך די אלע עלע־מענטן, וואס האבן זיך בכלל געפילט

אנגערירט פון דער רעוואלוציע (געוועזענע „טשינאווניקעס” באם צארישן רעזשים און אנדערע פריווילעגירטע. די דאזיגע רעאק־ציאנערע עלעמענטן געהערט אפט די פאגראמאיניציאטיוו, זיי רייצן די ארומיגע פויערים, פירן אריין די באנדעס.

אקעגן אבער בעת דעניקינס ממשלה אין אוקראאינע זיינען די פאגראמען א ריין מיליטערישע זאך; די איניציאטיוו געהערט דא די מיליטערטיילן, און זיי אליין טוען אפ די גאנצע פאגראמ־ארבעט. די ארטיגע קריסטליכע באפעלקערונג האט איצט מייסטנס צום פאגראם קיין שום שייכות ניט; זי בלייבט קאלט אדער אפילו גאר פיינטליך צו די קאזאקישע רציחות. אין אייניגע פאלן באטיי־ליגן זיך אינם פאגראם פויערים פון ארומיגע דערפער, אבער זיי טוען ניט מער, ווי אפציהען דאס, וואס קאזאקן ווארפן אוועק, אדער צונעמען שטובזאכן אין יידישע הייזער, וואס די בעלי־בתים האבן געלאזט אויף הפקר. נאך זעלטענער באטייליגן זיך אין פאגראם ארטיגע קריסטן. אזוינע פאלן זיינען באוואוסט אין ראָסאַווע, באָ־הוסלאוו, פאַסטאָוו (קיעווער גוב); אין באָריספאָל (פאָלטאַווער גוב). און גאר אין געציילטע פאלן זעהט מען א געוויסן טייל ארטיגע קריסטן זיך אקטיוו באטייליגן, אדער אנרייצן א פאגראם (אין באָ־יאַרקע, ראַקיטנע, קיעווער גוב.). אקעגן זעהן מיר, אז ארטיגע קריסטן באציהען זיך מייסטנס מענשליך צו יידן, באהאלטן זיי אויס ביי זיך, נעמען זיך אן פאר זיי, שיקן אפיציעלע דעפוטאציעס צו די מיליטערפירער פון מאגיסטראטן און פארשידענע ארגאניזאציעס, אדער שטעלן זיך אליין איין פאר יידן און באווייזן אין אייניגע ערטער אסך מוט און העלדישקייט. (אין בעלא־צערקאָוו, האָראָ־דישטש, האָסטאָמעל, וועפריק, טשערקאס — קיעווער גוב.; באָרזנאַ, קאָנאָטאָפ, ניעזשין, באָווי־מגלין — טשערניגאווער גוב.; באָריס־פאָל — פאָלטאַווער גוב.; דזשורין, קריוואָיע־אָזעראָ — פאָדאָליער גוב. און אין א סך אנדערע ערטער). אסך יידן האבן דערדאזיגער מענשליכקייט צו פארדאנקען, וואס זיי זיינען לעבן געבליבן, און ווען ניט דאס, וואלט דער חורבן געווען אסך גרעסער. מיט דער צייט אבער פארערגערט זיך די לאגע: דער פערמאנענטער פאגראם

דעמאראַליזירט די אָרטיקע באַפעלקערונג. טאָג איין טאָג אויס זעהט זי צו שחיטות, רציחות און רויבערייען, און דאָס טוען ניט סתם באַנדיטן, נאָר אַ רעגולערע אַרמיי, אָפּט מיט אָפיצערן אויבן־ אָן. ס׳ווערט געטאָן אָפֿן פאַר אַלעמען אין די אויגן, און די העכערע מאַכט אָדער זי מאַכט זיך ניט ווייסנדיק, אָדער זי גיט איר שטילן הסכם, שוין דערמיט גופא, וואָס זי שטעלט זיך ניט קעגן, באַ־ שטראָפט קיינעם ניט. פּאָגראָם ווערט אַ לעגאַליזירטער לעבנסשטייגער, יידיש גוטס ווערט הפקר, און אַזוי־אַרום קומט דאָס דערצו, אַז אַ טייל אָרטיקע קריסטן ציהט זיך אַריין אין דער רויבעריי. אין אַסך פאַלן לאָזן קריסטן, דערהויפּט אָרעמיקע פּויערים, ניט אַריין צו זיך קיין יידן זיך אויסבאַהאַלטן, כלומרשט איז אַזוינס פאַרווערט צו טון. אין אַ שטעטל קאָזין (קיעווער גוב.) האָבן פּויערים תּחילת אויסבאַהאַלטן ביי זיך יידן, אָבער צוזעהענדיק די באַנעמונג פון דער מיליטערישער מאַכט, האָבן זיי נאָכדעם אַליין אָנגעהויבן צו שלאָגן יידן. דאָס אייגענע קומט פאָר אין סטעפּאַנצי, דערהויפּט אָבער אין טאַגאַנטשע (קיעווער גוב.). און פאַרקערט אויך: די שרעקליכע רציחות, וואָס מ׳פּרובט זיך אַפילו גאַרנישט מאָראַליש צו פאַרענטפערן זיי, וועקן דאָס פאַרשלאָפענע מענשליכע געפיל. אין ניעזשין, אַ שטייגער, באַווייזט די קריסטליכע באַפעלקערונג בכלל קיין סימפּאַטיע ניט צו יידן, אָבער דאַסמאָל, צוזעהענדיק דעם גרויל, באַהאַלט זי אויס ביי זיך יידן, שיקט דעפּוטאַציעס מיט גלחים אויבנאָן צו דער מיליטערמאַכט מיט געבעט פאַר יידן. די־ דאָזיקע שרעקליכע טעג האָבן אייניקע קריסטן אַרויסגעוויזן אַ סך מענשליכקייט און מוט איינשטעלנדיק זיך פאַר יידן, בעת זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר יידן איז שוין פאַרזיך געווען אַ פאַרברעך, און אייניקע אַזוינע זיינען דערפאַר געשלאָגן געוואָרן אויך (אין באָרזנאַ — טשערניגאָווער גוב.; אין האָראָדישטש — קיעווער גוב). וועגן דעם לעצטן שטעטל זאָל דערמאָנט ווערן אַ מערקווירדיקער פאַל מיט איינעם הריצײַ. אַליין אַ באַנדיט, וואָס האָט זיך פריהער אַליין באַטייליקט אין איינעם פון די האָראָדישטשער פּאָגראָמען, האָט ער פאַרגעדענקט יידן, וואָס זיי האָבן אים פאַר דער ראַטנמאַכט מציל

געוועז פון טויט, האט זיך פלוצים באוויזן די לעצטע מינוט, ווען קאזאקן האבן שוין געהאלטן בא שיסן א גרופע יידן, און האט זיך פאר זיי איינגעשטעלט מיט אזא ענערגיע, מיט אזוי פיל מאראלי־שער איבערצייגונג און מסירת־נפש, אז אפילו די קאזאקן האט דאס גערירט, און אזויארום האט ער מציל געווען מענשן פון א זיכערן טויט.

קורץ — אין גאנצן און אין גרויסן גענומען, זיינען די פאגרא־מען פאר דער ממשלה פון די פרייוויליגע א ריין מיליטערישע זאך. אין געוויסע פאלן שפרינגט נאך צו די מלוכה־וואך (פאליציי). אין ראָסאַווע, א שטייגער, האט דער פריסטאוו גופא מיט זיינע מילי־ציאנערן געשאסן יידן, וואס האבן זיך אומגעקערט א היים צו די חורבות נאכן פאגראם. דאס אייגענע טוט די מיליציע אין קאָכנין קיעווער גוב., און פאַמפושקאָ, פאליציי שעף אין סטעפּאַנעץ, די מי־ליציע אין סטאַווישטש קיעווער גוב. און אין אנדי. ערטער. (אגב, איז דערזעלבער פאמפושקא פאר די באלשעוויקעס געווען א פירער פון א פארטיזאנישער גרופע). פאליציי טעראריזירט בכלל און נעמט „קאנטריבוציע״ בא יידן. די הויפטפאגראמארבעט בלייבט אבער א מאָנאָפאל פאר דער רעגולערער ארמיי. מיט דערדאזיגער פאג־ראמפאליטיק איז אָלירט זיך די ארמיי אפילו צווישן דער קריסט־ליכער באפעלקערונג. צווישן „מעשטשאַנעס״, וואס זיינען געוויינט־ליך קאנסערוואטיווי, בפרט נאך אין „תחום״ און זיינען גרייט גע־ווען צו קוקן אויף דער ארמיי, ווי אויף רוסלאנדס באפרייער און זייערע אויסלייזער.

## דאס שענדן פרויען מאסנווייז.

דאס שענדן מאסנווייז יידישע פרויען — דאס איז דער שארפסטער, בולטסטער סימן אין די פאגראמען ביי די פרייווי־ליגע. דאס איז דאס אייגנס, וואס די פרייוויליגע האבן אממייסטן אויפגעטאן אין דער פאגראמפראקטיק. שרעקליכע שחיטות זיינען פירגעקומען פריהער אויך, ס'איז גענוג צו דערמאנען די שחיטות פון פעטליורעס ארמיי אין פראָסקוראוו, אין פעלשטין (פעווראל 1919), גריגאריעווס בלוטבעדער אין טשערקאס, אין יעליסאוועט־

גראַד (מאַי 1919)׳ און דאָך איז דאָרט שענדן פרויען געווען אַ זעלטענע זאַך׳ געציילטע פאַלן. איצט׳ בײַ די פּריוויליגיע׳ איז דאָס געוואָרן אַ פּראָגראַמזאַך׳ אַזוי ווי רױבערייען׳ רציחות. פרויען שענדעט מען אומעטום׳ אפילו בײַ „שטילע פאָגראָמען” און אין די גרויסע שטעט. אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט מען גערעדט וועגן טויזנט געשענדעטע יידישע פרויען. אין קליינע שטעטלאַך זיינען געשענדעט געוואָרן הונדערטער פרויען׳ ד׳ ה׳ כמעט אַלע׳ וואָס האָבן ניט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן אַ לאַנגע צייט׳ אָדער אַנט־לויפן. פריהער איז שוין דאָ דערמאָנט געוועזן׳ וויאַזוי דאָס שענדן פלעגט פּירקומען: 1) מ׳פלעגט דאָס טון אָפן פאַר מענער׳ עלטערן׳ קינדער און אַלע אַרומיגע אין די אויגן; 2) מ׳פלעגט ניט שוינען ניט קיין עלטער׳ ניט קיין צושטאַנד. דער דאָזיגער גרויל האָט ניט אויסגעמיטן ניט קיין קליינע קינדער׳ פון 8 יאָר אָן׳ ניט קיין זקנות. מ׳וואָלט געקאָנט האַלטן די אַלע מיטטיילונגען פון אָרטיגע קאָרעספּאָנדענטן׳ ווי אויך ספּעציעלע אויספאָרשונגען׳ וועגן שענדן פרויען פאַר אַ בייזן חלום פון היציגקראַנקע׳ אָבער דאַן וואָלט מען באַדאַרפט אָנקומען צו נאָך אַ ווילדערער השערה׳ אַז הונדערטער מענשן פון פאַרשידענע ערטער׳ וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט גע־טראָפן׳ האָבן עפּיס ווי על פּי נס געמאַכט צווישן זיך אַ הסכם דערציילן איינע און די זעלבע זאַך׳ כמעט מיט די זעלבע ווערטער און דערצו נאָך אויסקלערן געמען פון די געטראָפענע. מ׳וואָלט באַדאַרפט פועלן בײַ זיך׳ אַז מאַסן יידישע פרויען׳ וואָס האָבן זיך געמוזט ווענדן צו דאָקטוירים און צו אַקושאָרינס נאָך הילף׳ פאַרמאָגן ניט דאָס מינדסטע ערנגעפיל און קלערן אַליין אויף זיך אויס דאָס מאוסטע און דאָס ערגסטע. אַזוי שרעקליך׳ נישט צו באַנעמען׳ איז דאָס׳ וואָס ס׳ווערט דערציילט. לאָמיר דאָ ברענגען עטליכע פאַקטן פון אָהן אַ שיעור אַזוינע: אין קאָרסון (קיעווער גוב.) זיינען פאַרצייכנט צוויי פאַלן׳ ווען מ׳האָט געשענדעט 70־יאָריגע זקנות׳ דאָס אייגענע איז פּירגעקומען אין ראָסאַווע מיט אַ 75־יעריגער פאַר דעם מאַן און די טעכטער אין די אויגן׳ אין טאָמאַשפּאָל און אין אַנדערע ערטער. אין קרעמענטשוג האָבן 6 קאַזאַקן געשענדעט אַ פרוי׳

קראנק אויף ריקפאַלטיפוס, אין קאָרסון — א פרוי א גוסס, וואס איז אויסגעגאנגען דא אויף דער שטעל. איז ניעזשין, אין ראָסאַווע האט מען געשענדעט געווינעריננס נאך אין קימפעט, אין פרילוק האט מען אפגעשטעלט א מיידל אין מיטן העלן טאג אין גאס אקעגן וואָלאָסט, מ׳האט זי אויסגעטאן נאקעט און געשענדעט. צו 8 צו 10 קאזאקן מיט אמאל שענדן קליינע קינדער. אין טשערקאס האט מען איינע א געשענדעטע צעביסן פונם קאפ ביז די פיס און זי איז געשוואלן געווארן. אין באָרזנאַ האט מען א גרופע יידישע מיידלאך געכאפט אין גאס, פריהער זיי אויסגעשמיסן, דערנאך געשענדעט. יידישע מיידלאך און פרויען פלעגט מען מאסנווייז פארשלעפן פון די הייזער, און זיי האבן זיך שוין צוריק ניט אומגעקערט, ארויסנעמען פון די וואגאָנעס אין וועג. דער גרעסטער טייל קרבנות האט זיך אנגעשטעקט מיט די העסליכסטע וועגערישע קרייַנקען, אנדערע זיינען אראפ פון זינען. מ׳האט געשענדעט און דערנאך געהרגעט, א סך האבן זיך געבעטן ווי א חסד דעם טויט אנשטאט דער שאנד. און א סך בלוטיגע קרבנות האבן געבראכט יידן, אלט און יונג, פארטיידיגנדיג זייערע אייגענע פאר שאנד און אומגליק. און ווי לאזט זיך דאס אלץ דערציילן?...

### ענויים און פייניגונגען

ס׳איז שווער צו זיין אריגינעל אין פרַט אכזריות נאך אזוינע פּאגראממייסטערס, ווי זעליאָניס, סאָקאלאווסקיס באנדעס, פעטליורעס אַטאַמאַנעס: פּאַליענקאָ (דער 1 זשיטאמירער פאגראם יאנואר 1919), סאַמאָסענקאָ (פּראָסקוראָווער שחיטה) און אנדערע. און דאך האבן די פרייוויליגע אין דעם פרט אויך באוויזן אויפצוטאן, סיי אין דער פארשידנארטיגקייט פון פייניגן און שפּאָטן, סיי אין דעם אימפעט, וויאזוי דאס איז געטאן געווארן. קודם־כל אינקוויזיטארישע פייניגונגען, אינקוויזיטארישע מעטאָדעס — דאס איז דאס געוויינטליכע מיטל, וואס מ׳באגייט דערהויפט בא צאַפּן געלט, בא מאנען, מ׳זאל זיך אויסקויפן. די אנגעווענדטע מיטלען זיינען אזוי פארשידנאַרטיג, און מ׳טוט דאס אזוי מעטאָדיש, באטראכט און אויסגעהאלטן, אז ס׳קאן מאכן דעם איינדרוק, אז דא זיינען ניט סתם

מערדער, וואס טוען זייער זאך אויף דער גיך, נאר מיושבדיגע פרומע אינקוויזיציעמאַנאַכן, וואס ווילן אזויארום ארויסבאקומען דעם אמת. אזוינע זאכן, ווי שרעקן מיט דער ביקס, שטעלן "צו דער וואנט", שלאגן, מזיקן, האַקן איברים, — דאס איז געווען דאס "באַנאַלע", דער וואכעדיגער גאנג. די פרייוויליגע האבן פארמאגט "פיינערע" מעטאדעס; א שטייגער הײנגען אויף אנצושרעקן. דאס קומט פיר אזוי: מ'ווארפט איינעם ארויף א שטריק אויפן האלז, מ'מאכט א שלייף און מ'הייגגט אויף דעם קרבן אויפן ערשטן האָקן אין שטוב, מ'לאזט אבער ניט, ער זאל ד'ערשטיקט ווערן, ווארום מ'דארף אים גראד האבן א לעבעדיגן, ער זאל זיך אויסקויפן, ער זאל ווייזן, וואו עפיס איז אויסבאהאלטן, און גלאט אזוי צוזעהן, ווי א מענש צאפלט צווישן לעבן און טויט. מ'נעמט אים דערפאר אלע מאל אראפ, מ'לאזט אים קומען צו זיך, מ'מונטערט מיט דער ביקס, מיט דער נאַגײַקע און מ'הייסט זיך ווייזן וואו איז וואס אויסבאהאלטן, מ'מאנט געלט א. אז. וו. מ'"הייגגט" יענעם אזוי לאנג, ביז אייגענע און פרעמדע לויפן ניט און ברייגגען אויסקויפגעלט. ס'זיינען באוואוסט פאלן, ווען מ'האט אזוי געהאנגען א מענשן 3 מאל (בערקאָוויטש'ן אין קריוואָיע־אָזערא) און אפילו 17 מאל (סמיליאנסקין אין טשערקאס, אגב, אפגערויבט ביי אים א האלבן מיליאן), א פאל ווען א ייגגל א גימנאזיסט (באָריס זאַבאַרסקי אין פאסטאוו) האט מען געגנויט פארציהען דעם שלייף אויפן פאטערס האלז.

מ'באנייט די מיטלעלטערישע מעטאדע פון **אויספרובן מיט פייער**: מ'ברענט דאס פנים מיט א לאמפ, מ'ווארפט אין פייער אריין. אין בעלא־צערקאָוו, א שטייגער, האט מען דאס געטאן מיט איינעם גראָסמאַן, און אנטלאפענער פון א פאגראם אין וואָלאָדאַרקע, און יענער איז געשטארבן פון די וואונדן. מ'ברענט די האר אויפן קאפ, די טריט א. אז. וו.

פאראן נאך א קאמבינירטע מעטאדע: מ'הייגגט איינעם אויף און מ'ברענט אים די טריט מיט ליכט (אין קאַהאַרליק): דאס דערמאנט די אינקוויזיטאָרישע "דיבע". מ'רייסט האר פון דער באָרד, מ'שטעכט

די טריט מיט נאדלען א. אז. וו. אין באַריספּאָל האט מען ביי איינעם לי־לעגאַרט געמאנט 25 טויזנט רובל; פאר „עַקשָנות“ האט מען אים תחלת אומגעוואָרפן און געטרעטן מיט די פיס, דערנאך האט מען אים אריינגעשטופּט אין א קעסטל און מ׳האט אים דורכן דעקל גע־שטאכן מיט שפּיזן, צולעצט האט מען אים כמעט א טויטן ארויס־געשלעפּט און געשאסן פאר דער מוטער און דער שוועסטער אין די אויגן.

אין די טויזנטער זיינען אומגעקומען יידן בא די פּרייווויליגע אונטער די הענט, גרייזגרויע „קאמוניסטן“, וואס מ׳האט זיי גע־פּאקט בא דער גמרא אין בית־מדרש, קאמוניסטן־עופּהלאך אין די וויגן, פּאראייניגעס מיט די מוטערס און באבעס צוזאמען. אין יעדער צעטל הרוגים איבערראשט די צאל פארפייניגטע זקנים, פרויען, קינדער. מ׳האט געשאסן, אבער נאך מער האט מען גע־שטאָכן, געהאקט מיט שווערדן, אפּגעהאקט שאַרבנס. א סך זיינען אומגעקומען אין פייער אין אונטערגעצונדענע הייזער (אין איין פּאַס־טאוו אריבער 100, אין לוטשינעץ דזשורין, יאַרוגע פּאָדאָליער גוב.), מ׳האט דערשטיקט א שטייגער, אין קאָרסון דעם 80־יאריגן סוכאָ־דאָלסקי), לעבעדיגערהייט באגראבן: די 90־יאריגע פרומע פּעקאַר אין ראָזשעוו. צווייען אין טעטיעוו, בן־ציון עוואַלענקאָ אין אָבורכאָוו (דאך ארויס לעבעדיג) און נאך און נאך.

אבער אזא טויט האבן נאך געקאנט מקנא זיין מענשן, וואס מ׳האט זיי געפּייניגט אהן אן אויפהער, אפּגעשניטן דעם צונג (קיס־מאַן אין פּאַסטאָוו, פריהער פארוואונדעט מיט א קויל), די אויערן, די נאז, אויסגעשטאכן די אויגן (יאַמפּאָלסקי אין פּאַסטאָוו), אפּגע־האקט הענט און פיס א. אז. וו.

וואס איז שוין צו ריידן פון „אידיליעס“, וואס רוסישע אפיצערן האבן זיך לוסטיג געמאכט: איינגעשפּאַנט יידן אין א שליטן פאר פערד (האָראָדישטש), אדער געהייסן געמזיקטע האלב נאקעטע מענשן, וואס פאר זייערע אויגן האט מען אויסגעקוילעט זייערע עלטערן און קינדער, זיך נעמען פאר די הענט און טאנצן פריילעך א קאַראַהאָד מיט א געזאנג: „הַרגע יידן, ראַטעווע רוסלאנד!“ (מי־

כאַילאָווקע — כאַרקאָווער גוב׳; קאַהאַרליק — קיעווער גוב; באָרזנאַ — טשערניגאווער גוב׳ א. אזו. ווי).

## דאס אויסוואָרצלען יידישע קהלות.

מיר האבן שוין פריהער געזעהען, אז די פרייוויליגע זיינען אויסן געווען ניט בלויז רויבן פאר זיך יידיש גוטס. ניט ווייני־ גער האבן זיי גלאט חרוב געמאכט, פארניכטעט. אינם פארניכטן, אלס א צוועק פאר זיך, — שטעקט, אזויצוזאגן, דער אידעאליזם פון די פרייוויליגע, ווען מ'איז אויסן ניט זיך, נאר די אידייע: אויסראטן יידן. דער דאזיגער טייל פאגראמפראקטיק: פארניכטן שטובזאכן, סחורה, צינדן הייזער, געשעפטן, איז שוין באקאנט פרי־ הער אויך, דערהויפט בא די באַנדעס אין קיעווער און אין פאָדאָ־ ליער גוב. ניי איז דא בא דער פרייוויליגער ארמיי, וואס קיינער ביז זיי האט דאס אין אזא מאסנמאסשטאב ניט געטאן אזוי גרינדליך, סיסטעמאטיש. א סך יידישע שטעט און שטעטלאך האבן שוין איבער־ געהאט צו פאגראמען עטליכע מאל אין משך דאס יאר 1919, און דאך האבן זיי זיך געהאלטן. איצט האט זיי די פרייוויליגע ארמיי דער־ לאנגט דעם לעצטן טויטקלאפ. אנדערע שטעט, ווי, א שטייגער, פאַסטאָוו, וואס די פאגראמכוואליע האט זיי גליקליכערווייז אויס־ געמיטן, און זיי האבן צו זיך ארייגעגנומען טויזנטער אומגליקליכע, אנטלאפענע פונם פאגראם־גיהנום, האבן די דאזיגע פארניכטונג־ סיסטעם פארזוכט דאס ערשטע מאל פון די פרייוויליגע. פון אונ־ טערצינדן האבן שווער געליטן א סך פאגראמערטער: באָהוסלאַוו, בעלאַ־צערקאָוו, האָראָדישטש, האָסטאָמעל, קאָרסון, מאַקאַראָוו, ראַקיטנע, ראָסאַווע, טאַלנע, שפּאָלע — קיעווער גוב.; באָריספּאָל— פּאָלטאַווער גוב.; נעזשין — טשערניגאווער גוב; קריוואָיע־אָזעראָ, טאָמאַשפּאָל, מיאַסקאָווקע, סאַווראַן — פּאָדאָליער גוב. א. אזו. ווי.

אנדערע ערטער, ווי א שטייגער פאַסטאָוו מיט זיינע 10 טויזנט יידישע איינוואוינער, זיינען כמעט אינגאנצן אוועק מיטן פלאם און רויך. אין איין פאַסטאָוו זיינען פארברענט געווארן 200 יידישע הייזער און אויך אזוי פיל קו־אמען.

מ'האט סיסטעמאטיש פארניכטעט ניט בלויז פריוואטפארמעגן,

נאר געזעלשאפטליך גוטס אויך. מ׳האט צעשטערט און געברענט בתי־מדרשים, יידישע שפיטאלן, בתי־זקנים, שולן, ליי־און־שפארקאסעס, קאאפעראטיוון. אין בעלא־צערקאוו א שטייגער האט מען פון דער תלמוד־תורה געמאכט אן אָפּטריט, דעם פליגל אין הויף האט מען געמאכט פאר א פערדשטאל, כאטש דא דערבײַ איז פאראן א פאסיג האלבפארמאכט געבײַ פאר פערד, מ׳האט אויסגעהאקט די פענסטער מיט די ראמען, די טירלאך פון די אויוונס. אין ראָסאַווע, א שטײַגער, האט מען חרוב געמאכט די ליי־און־שפאר־קאסע אויף אזא שטייגער: די קאזאקן האבן אויפגעריסן די שופלאדן, די שאפעס, די טישן, דעם ארכיוו, זיי האבן אויפגעריסן דעם סקלאד און האבן צערויבט די גאנצע סחורה. א שטיק צײַט האבן זיי זיך געמאטערט מיט דער פייערקאסע; צולעצט, ארום 1 באנאכט, האבן זיי אונ־טערגעלייגט אונטער דער קאַסע פּיראָקסילין און אויפגעריסן דאס גאנצע געבײַ.

מאסנווייז האט מען פארניכטעט יידישע הייזער, געשעפטן, פריהער צערויבט אלצדינג, וואס ס׳האט זיך געפונען אין זיי. צו דעם דאזיגן חורבן קומט נאך צו, וואס דאס גארע האנדללעבן און עקאנאמיש לעבן בכלל איז פאראליזירט געווארן, ווארום דער טע־ראָר, דאס באפאלן און רויבן יידן, האט ניט אויפגעהערט אפילו די צײַט פון "שטילן פּאָגראָם". דאס אלץ האט געבראכט דערצו, אז צענדליגער יידישע קהלות זײַנען אפּגעמעקט געווארן. דאס "לעבן" אין די שטעט און אין שטעטלאך מיטן פּערמאנענטן פּאָגראָם איז געווארן אזא פּיין, אז ניט געקוקט דארויף, וואס אויף די וועגן האט געלויערט דער טויט, האבן די לעבנגעבליבענע, הונגעריגע, נאקעט און באָרוועס, מיט זקנים, קראנקע און קינדער אויף די הענט, זיך געלאזט לויפן, וואוהין די אויגן טראגן. אפט האבן זיי געטראפן פונקט אין אזוינע רואינירטע קהלות. דא, אין די נײַע ערטער, האבן די היימלאזע געקאנט ארויסקוקן ניט מער ווי אויף צדקה. וואס מער קהלות ס׳זײַנען חרוב געווארן, און וואס מער ס׳האבן זיך אנגעזאמלט אזוינע היימלאזע, אלץ קלענער האט גע־מוזט ווערן דידאזיגע הילף. דא האט מען זיך געוואלגערט אין

א שרעקליכער ענגשאפט אין בתי־מדרשים און הקדשים און מ׳איז אויסגעשטארבן מאסנווייז פון הונגער, קעלט, נאך מער פון עפּידעמיעס, דערהויפּט פון טיפוס. די שטערבליכקייט פון דער יידישער באפעלקערונג צו יענער צייט איז געווארן אזוי גרויס, אז מ׳האט ניט באוויזן מקבר צו זיין צו דער צייט, און ס׳איז געווארן ״אָט־שערעדן״ אויף קבורה. מ׳קאן זיכער זאגן, אז איבער יידן זיינען געפאלן אין די טויזנטער פון קאזאקישע קוילן און שווערדן, זיינען זיי נאך מער, אין די צענדליגער טויזנטער, אומגעקומען פונם חורבן נאכן פּאגראם פון הונגער, קעלט און טיפוס.

דאס האט געטראפן צענדליגער יידישע קהלות היימלאזע: באָריספּאָל, באָיאַרקע, האָסטאָמעל, דימער, איגנאַטאָווקע, יאַרוגע, קאַהאַרליק, קאָבישטשע, קאָזין, קריוואָיע־אָזעראָ, מיראָנאָווקע, מאָשני, אָרלאָוועץ, פּאָטאָקי, ראָזשעוו, ראָסאַווע, טאַגאַנטשע, טאַראַשטש, שאַרגאָראָד און אנדערע. אייניגע היימלאזע, וואס האבן זיך געפּרובט אומקערן אהיים, האט דאס געקאסט דאס לעבן (א שטייגער ראָסאַווע); אין בעסטן פאל האבן זיי געמוזט באלד אנטלויפן (באָיאַרקע און אנד. ערטער). קאזאקן האבן געצונדן די הפקר־געבליבענע הייזער, אדער ארומיגע פויערים האבן זיי צענומען. צוריקקומען איז שוין ניטא וואוהין.

אבער ניט בעסער איז געווען די לאגע פון די רואינירטע קהלות׳ וואס האבן ניט געקאנט אדער זיך ניט איינגעשטעלט צו לויפן און זיינען געבליבן אויף אַן ארט. דא זיינען אויך אומגעקומען אין די טויזנטער פון הונגער, קעלט און טיפוס. וועגן דער לאגע אין אזא בערך־קולטורעלער און פארמעגליכער קהלה ווי פּאַסטאָוו נאכן ערשטן פּאגראם (דעם 22—26 סעפּטעמבער 1919) ווערט דערציילט אין אן אפיציעלן באריכט וועגן דער הילפסארבעט אזוי: מיר האבן עוואקואירט קיין קיעוו 75 שווערפארוואונדעטע (פון זיי אגב, זיינען אייניגע אומגעקומען אין קיעוו אין שפּיטאל בעת קיעווער פּאגראם); מיר האבן ארגאניזירט 2 עפּידעמישע באַראַקן פאר 500 מאן, 2 צוזאמענוואוינונגען, מיר שפּייזן אין די צדקה־קיכן און מיט פּראדוקטן 6500 מאן. אלע טאג שטארבן צו 10—20 מענשן. אין אזא

קליינער קהלה ווי וואַסילקאָוו זיינען געווען 400 יידן טיפוס־קראנקע (אין נאוועמבער 1919). אין אנדערע שטעט, דערהויפט אין די פארווארפענע שטעטלאך, איז די לאגע געווען יעדנפאלס ניט בעסער.

די פרייוויליגע האבן אומגעבראכט ניט בלויז שטעטלשע קהלות; זיי האבן זיך אומגעקוקט אויף קלענערע יידישע ישובים אויך אין די דערפער. א געניט אויג האט אומעטום אויפגעזוכט דעם יידן. 5 יידישע פאמיליעס האבן געוואוינט אין א דארף גאָגאָלענקאָ (טשערניגאווער גוב). דאס ערשטע מאל האבן זיי געקריגן ערד נאך דער רעוואלוציע מיט די פויערים גלייך. די קאזאקן האבן בא זיי אלץ פארניכטעט, און זיי זיינען קוים לעבעדיגע אנטלאפן קיין באָרזנע.

ס'איז א באזונדער ווייטאג צוצוזעהן אט דאס אויסרייסן מיט די ווארצלען יידישע ערדארבעטער, אפילו אין דעם שרעקליכן חורבן פון אסך יידישע קהלות. דריי יידישע ערדארבעטער קאלאניעס זיי־נען געווען הינטער פאַסטאָוו אין אַ יַם פויערשע דערפער, דריי יידישע אינזלען פון שווערער פראצע און פרידליך אַקערלייטלעבן: קאָלדוביצקאַיאַ־אָבראַז־צאָוואַיאַ, טרילעסי און טשערוולענסקאַיאַ. ערד האבן זיי געקריגן נאך פאר ניקאָלאַי דעם 1־טן, יארנלאנג איז זיי אויסגעקומען בייצושטיין זייער ערד אקעגן די צארישע טשי־נאָווניקעס, מ'זאל זי בא זיי ניט צונעמען, דער דריטער, דער פערטער דור זיצט שוין אויף דער ערד. פאר די פרייוויליגע זיינען זיי חרוב געווארן. א ספעציעלער אויספארשער דערציילט וועגן דעם דאזיגן חורבן אזוי:

די קאָלאָניע קאַלדוביצקאַיאַ. די ערשטע רויבערייען האבן דא געמאכט די פעטליורישע מיליטערטיילן, די צייט, ווען די די־רעקטאריע איז אנטלאפן פון קיעוו (פעברואר 1919). א גאנץ זומער האבן באנדעס ניט געלאזט רוהען די קאלאניע. אווגוסט זיינען פעט־ליורישע טיילן ווידער אריין און ארויס, זיי האבן פארנומען דאס ברויט, א טייל פיך, האבן אונטערגעצונדן עטליכע הייזער, גע־הרגעט עטליכע מענשן. די קאלאניע האט זיך דאך געהאלטן. אנהויב

סעפּטעמבער זיינען געקומען די פרייוויליגע און מ׳האט דורכאנאנד גערויבט און געשלאגן. אין עטליכע טעג ארום האבן די קאזאקן אפּגעטורעטן, בא דער געלעגנהייט האבן זיי דערהרגעט א קאלאניסט, בעת יענער האט געגראבן קארטאפל אין גארטן. בעת די שלאַכטן צווישן די פרייוויליגע און די באלשעוויקעס הינטער פּאַסטאָוו (סוף סעפּטעמבער), איז די קאלאניע געווען הינטער ארטילערישן פייער. אלע קאלאניסטן (200 נפשות) זיינען זיך דעריבער צעלאפן אין דאָרף ווערפריק, אין זייער ״וואָלאָסט״; אין דערהיים זיינען געבליבן בלויז זקנים. אינגיכן איז אין ווערפריק אריין א מיליטערטייל פון די פרייוויליגע און, דערזעהן אויפן ״סכאָד״ (אלגעמיינע דארפפארזאמלונג) יידן, האט זי זיי אנגעהויבן באשולדיגן, אז זיי זיינען נאכגעלאפן די באָלשעוויקעס, אז זיי זיינען שפּיאָנען, און שוין געמט מען זיי שיסן. בייגעשטאנען איז זיי דער ״סטאַרשינאַ״ און דער ״סטאַראָסטע״, וואס האבן זיך געשווארן און אויסגעוויזן, אז די יידן זיינען די גאנצע צייט געווען מיט זיי, מיט די פויערים. דעמאלט האט מען זיי מיט אַ וואַך אפּגעפירט קיין פאסטאוו, אין וועג האט מען זיי בארויבט, געמזיקט און פארנומען אלע מיידלאך; צוויי זיינען שוין צוריק ניט געקומען. אין פּאַסטאוו האבן יידן זיי אפּגעגעבן א בית־המדרש און געזונטע ארבעטמענשן מוזן אנקומען נאך קצבה. אין דער קאָלאָניע האט מען אויסגעהרגעט די זקנים (אייניגע פארברענט), פארנומען דאס רעשט ברויט, בהמות און פערד. די קאלאניסטן האבן נאכדעם אין פאסטאוו דערקענט זייערע בהמות בא די אפּיצערן אין די משא־וואגאנעס. איין אפּיצער האט זיי פארגעלייגט אפּצוקויפן צו 10·000 רובל א שטיק. אויף אזא שטייגער זיינען אומגעקומען די אנדערע צוויי קאלאניעס אויך.

יידן ערדארבעטער פון דער קאָלאָניע ריקון (דימערער וואָלאָסט קיעווער קרייז) קלאגן זיך אין א ביטבריף צום אויבערבאפעלער גענעראל דראַגאָמיראָוו: תחלת האבן קאזאקן בא זיי פארנומען 10 קי, עטליכע פערד, אלע עופות, דערנאך האבן זיי פארנומען דאס גאנצע פיך 60 שטיק; בעטן רחמים, מ׳זאל זיי דאס אומקערן. וואס פאר א טיפער ווייַ, געמישט מיט תמימות, שפּארט פון די לעצטע

שורות אין זייער ביטבריף: „אויב מ׳וועט אונז ניט אומקערן די פערד און די קי׳ וועט די קאלאניע ווערן אויס׳ און מיר וועלן זיך מוזן קערן אין שטאט אדער זיך נעמען פאר האנדל!״

ס׳זאלן דא דערמאנט ווערן נאך אייניגע פרטים פון דעם פאג־ראמשניט בא די פרייוויליגע.

**אפּיצערן.** דעם 17—20 אקטאבער׳ די טעג פונם מאסנפאגראם אין קיעוו׳ האט מען אין יידישע הייזער׳ געקאנט צו־זעהן בא די אומגעריכטע געסט פיינע מאַנירן פון אזוינע׳ וואס האבן געקריגן א „גוטע דערציהונג״׳ מ׳האט זיי געקאנט הערן פראנצויזיש ריידן און אפילו היפש מוזיצירן. דאס האבן „געארבעט״ אפיצערן פון דער פרייוויליגער ארמיי פון דער לייבגווארדיע׳ פון די אריסטאקראטישע פּרעאָבראַזשענסקע סעמיאָנאָווער און אנדערע פּאָלקן׳ קיינע „גראבקייטן״ איז פון זיי ניט געווען צו זעהן: זאכ־ליך און שטריינג האט מען דא געפאדערט געלט׳ צירונג׳ גאלד. בא דער געלעגנהייט בעט אזא איינער העפליך א נאזטיכל׳ און דוקא פּיינוועבל׳ און וועט אפגעבן צוריק א פשוטער טיכל. ניט אומעטום האבן זיך אפיצערן אזוי „פיין״ אויפגעפירט׳ די פירער פון די אלע אָסעטינער׳ טשעטשענער און אנדערע קאווקאזער ווילדרייטער׳ אבער אין פאגראם־ארבעט האבן זיי זייערע וואוילגעבוירענע חברים ניט פארשעמט׳ גיכער — פארקערט. בדרך כלל האבן אפיצערן בעת׳ן פאגראם געטריי געארבעט צוזאמען מיט זייערע אונטערגעשטעלטע סאלדאטן׳ אָפּן אדער פארשטעלט. אין פרילוק דערזעהט א קאמאנדיר פון סעמיאָנאָווער פּאָלק א סאלדאט אין צעריסענע שטיוול׳ זאגט ער אים: „קאנסט ניט אריינגיין צום ערשטן זשיד און אראפנעמען בא אים די שטיוול?״ אין בעלא־צערקאָוו בעט אן אפיצער יאַקאָווליעוו פון דער צווייטער טערער פלאַסטונער בריגאַדע באם קאמאנדיר׳ פּאָלקאווניק שטשעפעטילניקאָוו׳ שטאָף אויף צו באקליידן זיך׳ קריגט ער אזא ענטפער: „שלעפּ בא א זשיד׳ דערפאר קומט גאר נישט״. וועגן אפיצערנרויבער זיינען פאראן ידיעות פון באָגאָדוכאָוו׳ באָרזנאַ׳ באָריספּאָל׳ האָראָדישטש (שטאבסקאַפּיטאַן סוועטסקי און פּראַפּאָרשטשיק קאַלגושקין)׳ פון דימער (פּאָדפּאָלקאָווניק בעזנעבאָוו)׳

פון קאָרסון, קרעמענטשוג, ניעזשין, פרילוק, פּאַסטאָווּ, טשערקאַס, טאָמאַשוואָל, יאַמפּאָל, קורילאָווצי טעטיעוו (די פירשטן גאָליצין און לוואָו) א. אזוי ווי אין אנדערע ערטער זיינען די אפּיצערן די אָנפּירער פונם פּאגראם: אין באַיאַרקע, ראָסאַווע, אין קריוואָיע אָזעראָ (אפיצער מלאַשעווסקי) אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק (פּאָלקאָווניק מיזערניצקי), מיאַסקאווע א. אזוי ווי וועגן אפּיצערן־פּאגראמשטשיקעס אין בעלא־צערקאוו דערציילט דר׳ ס[1], אינם נאמען פון ד״ר ב. אזוי: איינער א פּראפּארשטשיק קוזמיטשאָוו האט פאר אים אין די אויגן דערציילט דעם פריזהערדערמאנטן פּאָלקאָווניק שטשעפּעטילניקאָוו און אנדערע אפּיצערן מיט אלע פּרטים, וויאזוי ער האט געפּייניגט א צעהניאריג מיידעל; ער האט אויך דערציילט, ווי סאלדאטן האבן אלע טאג געשענדעט פרויען, און די דאזיגע מעשה האט ניכר אויסגענומען באם פּאלקאווניק.

דער סאָטניק זשיוואָדיאראָוו, וואס האט אויף זיין געוויסן א סך יידישן פּיין, האט אגב צוגענומען בא א יידן אַ קו און פארקויפט זי פאר 22 טויזנט רובל „ניקאָלאַיעווער.״ דער אונטער עסאַאול קונדאָ האט בא זיך אין וואגאן 6 פוקסענע פּעלצן, א גאלדענעם זייגער און אנדערע זאכן, וואס ער האט אנגערויבט בא יידן. דער אונטער עסאַאול פּאָדשיוואַלאָוו (פון דער 4 מאה) האט בא זיך אין וואגאן אַ פּיאַנאָ. דער פּראַפּאָרשטשיק אינזשואַראָוו האט זיך געמאכט א פּאַך רויבן ספּעציעל בא דאקטוירים, ער האט זיך בארימט פאַרן זעלבן ד״ר ב, אז בלויז אינסטרומענטן פון ציינדאקטוירים האט זיך אים פאר דער צייט אנגעקליבן פאר 400 טויזנט רובל. דער קאָרונזשי באָנדאַרענקאָ פלעגט ארומפאָרן אין שטאט ציוויל געקליידעט, ער זאל פרייער קאנען רויבן; ער האט פירגעהאלטן דער ד״ר ב, אז פארוואונדעטע יידן דארף מען צוהרגענען, ניט היילן זיי. ס׳זיינען באקאנט אזוינע פאלן פון אפּיצערגרויבער, וואס זייער

---

[1]) ניכר, אז מ׳מיינט דא דעם ד״ר סניסאַרענקאָ, וואס האט געדינט אין דער צווייטער טערער פּלאַסטונער בריגאַדע. די ידיעות נעמען זיך נאך פון דער צייט, ווען די פרייוויליגע זיינען נאך געווען שטארק אין אוקראַאינע.

ציניזם איבערראַשט ממש. אין טשערקאַס האט בא ישראל האלפערן געוואוינט אן אפיצער פון די פרייוויליגע. ער האט זיך באפריינדעט מיט דער פאמיליע און פלעגט מיט זיי אפט פארברייינגען. אבער ווי די פרייוויליגע זיינען אפגעטרעטן פון טשערקאס, האט זיך דערזעלבער אפיצער ניט געשעמט מיט א פיסטויל אין האנט צו באנעמען די גאסטפריינדליכע פאמיליע ביז גאר. אין קרעמענטשוג האט איינער א פאלקאווניק אוועקגעפירט אפילו זיין בעל־הבית מעבל.

אבער ניט שטענדיג זיינען אפיצערן געוועזן אזוי פארשטייַפט רויבעריש. אפט פלעגן זיי זיך לאזן איבעררייידן און טרייבן געשעפט: פאר א געהעריגער מטבע פלעגן זיי פון פאגראמשטשיקעס גאר ווערן שומרים בא יידן: פלעגן פארהיטן יידישע הייזער און קראמען. ס׳זיינען אפילו געווארן גאנצע ארטיעלען אזוינע אפיצערן. אין זאָלאָטאָנאָשע א שטייגער האבן יידן געצאלט די אפיצערן פונם קאָמענדאַנטס וואַך צו 15 טויזנט רובל א נאכט, און זיי האבן פארהיט א סך יידישע הייזער און געשעפטן. דאס אייגענע איז פירגעקומען אין שפּאָלע: דארט איז געוועזן א שמירה פון אפיצערן מיט איינעם אן אפיצער אוסאָוו בראש; דאס אייגענע איז געוועזן אין קיעוו, אין פּאַסטאָוו און אין אנדערע ערטער.

**לעגאַלער רויב. קאָנטריבוציעס.**

אפיצערן האבן איינגעפירט נאך אן אנדער מין רויב, א לעגאַלן, ווי מ׳קאן דאס זאגן —; געהייסן האט דאס: קאָנטריבוציע, דאס איז שוין געוועזן די פרייוויליגע פון די העכערע אפיצערן, דערהויפט פון קאָמענדאנטן, און גאַרניזאָן־באפעלער. דאס פלעגט געטאן ווערן אזוי: בעת סאלדאטן און קלענערע אפיצערן „ארבעטן” אין שטאט, אין יידישע הייזער, שיקט דער קאמענדאנט, אדער דער גארניזאן־באַפעלער רופן דעם ראבינער, קהלה־פארשטעהער, און ראָט זיי „מיט גוטן” ברייינגען א „געשאנק” פאר דער פרייוויליגער ארמיי. אפט גייט דאס צו נאך אפענער: ער זאגט זיי, אז פון יידן קומט אזא און אזא קאָנטריבוציע, און גיט דארויף א טאג, צוויי צייט. מ׳הויבט זיך אן צו דינגען און מ׳גלייכט זיך אויס. אזוי קומט דאס פיר אין דעם גרעסטן טייל שטעט. אין קריוואָיע־אָזעראָ האט דעקאָנסקי,

דער קאמאנדיר פון וואָלטשאַנסקער פאַרטיזאַנעס, דעם 22 דעצעמבער 1919 (דעם 4 יאנואר 1920) געשיקט א שריפטליכע מעלדונג, אז „היות, ווי יידן האבן די גאנצע! צייט ניט געהאלפן דער פרייווילליגער ארמיי, בכן זאלן זיי אים צוגרייטן ביזן 24־טן 200 טויזנט רובל און 25 פאָר שטיוול". ער האט געהאלטן ווארט, דעם 24־טן איז ער געקומען, אפגענומען די קאנטריבוציע, און דאך געמאכט א שרעקליכן פאגראם מיט אריבער 600 הרוגים.

וואס גרעסער די פאגראם־רציחות, אלץ ברייטער ווערט די יידישע האנט; אלץ גרעסער ווערן די פארדינסטן פון דער פרייווילליגער ארמיי בא די „באשיצער", בא די קאמענדאנטן און באפעלער אין די אויגן, און די קאנטריבוציע־טאַקסע וואקסט. ס'איז געווען א פאל אין לאָזאָוואַיאַ (יעקאטערינאסלאַווער גוב.), ווען דער קאמענדאנט מיט זיין „געהויבענעם צארן" האט תחלת ניט געוואלט הערן פון „בלוטשמוציג יידיש געלט"; ער האט זיך אבער אינגיכן געלאזט איבערבעטן און באוויליגט צו נעמען די „געשענקטע" 50 טויזנט רובל. שטייגט די פאגראמענערגיע בא די קלענערע, איז דאס בא די העכערע א געלעגנהייט צו מאנען „מתנות", א צווייט, א דריט מאל פאר דער פרייווילליגער ארמיי, וואס „פארגיסט בלוט" פאר רוסלאנדס וואויל. (אין באָבראָוויץ, באָרזנאַ, אין פאַסטאָוו—דורכן ראבינער בראַסלאַווסקי, און אין אנד. שטעט). אין געוויסע פאלן זאל די קאנטריבוציע זיין א מין אויסקויפגעלט, „ס'זאל צו קיין פאגראם ניט קומען" (וואַסילקאָוו און אנד.), אדער „דער פאגראם זאל אויפהערן" (אין פרילוק פאר 200 טויזנט), אדער „מ'זאל אויפהערן צינדן" (טאַלנע — פאר 500 טויזנט), אדער „ס'זאלן אויפהערן הריגות, אבער אָהן א גאראנטיע פאר רויבערייען" (דעם קאָמענדאַנט ווינצעווו'ס וועריטער אין פאַסטאָוו). יידן ווייסן צו שעצן די פרייווילליגע, שענקען „מתנות" לויט דער טאקסע, אבער פאר קיין הריגות און רויבערייען פארהיט דאס ניט, דער פאגראם ווערט ניט שטילער און הערט ניט אויף. אפט גיט מען יידן שארפע אנצור־הערענישן „טאמער ניט": אין נאָווי־מגלין א שטייגער האט דער קאמענדאנט, שוין נאך דעם פאגראם, געמאנט ביי יידן 200 טויזנט

רובל, געשראקן, אז אויב ניט, וועט ער זיי אלע דערטריינקען אין טייך.

דער קאָנטרשפּיאָנאַזש מאנט אויך חלק. אין פּרילוק האט פּאַלעכאַ, דער אויבער פונם קאנטרשפּיאָנאַזש, געמאנט זיך 250 טויזנט, חוץ די 200 טויזנט, וואס דער קאמענדאנט האט גענומען; אויב ניט — איז א פּאגראם. מיליציע שווייגט אויך ניט. אין סטעפּאַנעץ האט געהאלטן אין איין נעמען „קאנטריבוציע" פּאַמפּושקעבורלאַק, א געוויסער באנדיט, וואס די פרייוויליגע האבן אים געמאכט פאר מיליציעשעף; דאסזעלבע האט געטאן באָרבאַטענקאָ, זיין שטעלפארטרעטער, אויך.

די פרייוויליגע מאָנען זייער מס ניט בלויז געלט, נאר זאַכן אויך. אין קאָנאָטאָפּ א שטייגער האט דער קאָמענדאַנט געמאנט בא יידן 200 פּאָר וועש, אין האָראָדישטש האט מען געמאנט פלייש און הינדלאך פאר צעהן טויזנד רובל. איבערגעיאגט אלע אין געשמאק האט דער קאָמענדאַנט אין מיכאַילאָווקע (כארקאווער גוב): ער האט געשיקט רופן דעם פּארזיצער פון דער קהלה זעלבעטן און אים דערלאנגט א צעטל: 250 טויזנט באַרגעלט, א גאלדענעם זייגער, צוויי אויסלענדישע רייזעקופערטס, 2 פּאָר דאַמענטופליעס $N$ 39, 2 פּאר דאמענזאקן, פעפער, ליכט, טאבאק, שוועבעלאך א. אז. וו. חוץ דעם, ערב אוועקגיין, האט ער נאך געפאדערט בא זעלבעטן (און בא די בארויבטע לימין און וויניצקי) א צעטל, אז די פרייוויליגע זיינען זיך ערליך באגאנגען און יידן זיינען פון זיי צופרידן.

ניטווילנדיג שטעלסטו זיך א פראגע: שוין זשע איז דאס גאר, וואס ס'לאזט זיך זאגן וועגן די פרייוויליגע אפיצערן? שוין זשע האט זיך אין דאזיגן סדום ניט אויסגעפונען די צעהן צדיקים, עררליכע אויפריכטיגע ניט־פארקויפטע, וואס אפשר זיינען זיי געקומען צו דער ארמיי פון אידעאליזם וועגן? האבן זיי דאך באדארפט טייער האלטן דעם כבוד און דעם קיום פון דער ארמיי גופא און שוין צוליב דעם זיך איינשטעלן פאר יידן די שווארצע טעג פון שאנד און טויט? וואו זיינען זיי דאן געוועזן?

דארויף מוז מען זאגן, דאס פאלק פארמאגט הארץ און זכרון פאר מענשן און מענשליכקייט; און ניט בלויז מעשים ווערן דערמאנט, נאר לעגענדעס ווערן באשאפן פאר פריינט, פאר א גוטער מינע. כמעט אין יעדן שטעטל געדיינקט מען און מ׳בענשט קריסטן, וואס האבן זיך אנגענומען פאר יידן, וואס האבן זיי אויסבאהאלטן בא זיך, אדער אפילו א גוט ווארט געזאגט די פינסטערע תוכחה־טעג. אבער צווישן די דאזיגע „חסידי אומות עולם" וועט איר זעלטן הערן דערמאנען אן אפיצערס נאמען. אין פאַסטאָוו דערציילט מען פון אן אפיצער איליושין, וואס האט אויסגעהיט עטליכע יידן (אנדערע אבער זאגן, אז דאס איז ניט געווען אומזיסט). מ׳דערציילט וועגן דריי אפיצערן, וואס זאלן אין דארף גאָגאָלענקאָ האבן געווארנט דאס הייפל יידן פאר סאלדאטן־באנדיטן און געראטן אויסצובאהאלטן די בעסערע זאכן. מ׳דערציילט פון אן אפיצער, וואס זאל האבן געפרובט איינהאלטן סאלדאטן בעת דער שחיטה אין באיארקע, און מיט א ווייטאג דערמאנט מען, וואס פאר א באליידיגונגען ער איז פון זיי אויסגעשטאנען... געציילטע פאלן, אויף די פינגער צו ציילן.

פאר דער גאנצער צייט איז אויך ניט געווען צו הערן, אז א טייל אפיצערן זאל עפנטליך פראטעסטירן קעגן פאגראמען. דאס פאלק איז גיכער פעהיג מגזם צו זיין דאס גוטע און דאס ערליכע, איידער אזוינס צו פארשווייגן. און אויב מ׳שווייגט דאך, הייסט דאס, אז חוץ די דערמאנטע געציילטע פאלן, איז ניטא וואס צו דערציילן. אויב ס׳איז יא געווען א הייפל אפיצערן, וואס אפשר האבן זיי זיך אין הארצן בעסער פארהאלטן צו יידן, איז ניט אנדערש, נאר זיי האבן געשוויגן, פאר מורא און קליינליכקייט. זיי האבן זיך שטיל אפגערוקט אין א זייט און געלאזט דעם אובן אן, אהן יעדער פראטעסט, זייערע קאָלעגן, דער גרויסער מאסע אפיצערנבאנדיטן, וואס זייער נאמען וועט בלייבן צו שאנד און צו קללה אויף דור דורות.

**די זעלבסט־שוץ.**

יידן, דערהויפט די יידישע יוגנט, האט שוין פון לאנג אן פארשטאנען, אז בא דעם שטענדיגן קריגסצושטאנד אין אוקראאינע, קאן מען זיך פארלאזן מיטן לעבן, מיט דער ווערדע, מיטן לעצטן ביסל האָב,

בלויז אויף זיך אליין, אויף דער ביקס אין דער אייגענער האנט. יעדנ־פאלס איז אזא זעלבסטשוץ געווען אן ערנפראגע בא דער יידישער יוגנט. די זעלבסטשוץ האט אוקראאינער יידן געקאסט א סך קרבנות: די יינגסטע און די בעסטע[1]. דאס הייסט אבער ניט, אז מ׳האט דאס געקאנט אויספירן. יעדער רעזשים איז געווען אומבאהאלפן קעגן דארף, וואס איז געווען באוואפנט פון קאפ ביז פיס; פון דארט ארויסשלעפן דאס געווער איז קיינעם ניט געראטן, ניט מיט גוטן, ניט מיט בייזן. אקעגן אבער איז געווען פון די גרינגסטע זאכן צו אנטוואפענען די שטאט, און יעדער רעזשים האט דאס געטאן די ערשטע זאך. אויף דעם ביסל געווער, וואס האט זיך נאך געקאנט געפונען בא יידן, האט דער הויפט געשארפט די ציין דער פעטליור־רעשער רעזשים, מ׳האט געהאלטן אין איין זוכן געווער בא יידן, א געלעגנהייט, אגב, צו רויבן און באגיין רציחות. פארשטייט זיך, אז נאך אזוי פיל מאל אנטוואפענען, איז בא יידן, אומבאוואפנטע בכלל, דאס לעצטע ביסל געווער ניט געבליבן. פונדעסטוועגן האבן הייפלאך יידישע יוגנט דאך באוויזן צו באוואפענען זיך, אין גע־ציילטע ערטער, אמאל אלס שטאטישע שמירה, א טייל אלס יידישע זעלבסטשוץ, אזא זעלבסטשוץ, וואס קאן זיך נאך שטעלן אקעגן א באנדע, איז ממילא אומבאהאלפן אקעגן א פאגראם־ארמיי, און זי איז מייסטנס אומגעקומען, א קרבן פון אידעאליזם און שוואכ־קייט. ס׳האט דא ניט געפעלט קיין פראוואקאציע אויך. אין האָ־ראָדישטש איז נאכדעם ווי ס׳איז אוועק די ראטנמאכט (דעם 3/16 אויגוסט) געווארן א שטאטישע שמירה פון 50 יידן און 20 קריסטן. דאס האט געדויערט עטליכע טעג. דעם 9/22 אויגוסט איז פון סמילע אנגעקומען אַן עשאַלאָן קאזאקן מיטן שטאבסקאפיטאן סוועטס־

---

[1]) דעם טאג, וואס די פרייוויליגע זיינען אריין קיין קיעוו, (דעם 31/18 אויגוסט 1919) האט מען אויפן שענדליכסטן שטייגער אויסגעהרגעט 37 יידישע יונגעלייט, א טייל פון דער שטאטישער שמירה. מ׳דארף אבער זאגן, אז געטאן האט דאס פעטליורעס ארמיי, וואס איז אויך דעמזעלבן טאג אריין קיין קיעוו און אין א טאג ארום זיך אפגערוקט פאר די פרייוויליגע.

קי· אין שטעטל זיינען אריין 12 קאזאקן און באלד אנגעהויבן צו רויבן· מ׳האט אנגעפרעגט ביי סוועטסקי׳ן, וואס איז געשטאנען מיט די איבריגע קאזאקן אויפן וואקזאל, און יענער האט געענטפערט: דאס איז ניט מיינע קאזאקן, דאס איז איבערגעטאנענע באנדיטן· די שמירה האט אויסגעשאסן אין דער לופטן, זיינען זיך די ״באנדיטן״ צעלאפן· אין 2 שעה ארום איז סוועטסקי געקומען אין שטעטל אריין מיט א פרעטענזיע, פארוואס מ׳האט געשאסן אין זיינע קאזאקן און האט געמאנט, מ׳זאל אים אפגעבן דאס געווער, די שמירה האט זיך געוואקלט: די דערפער ארום זיינען פול מיט באנדעס, און ווי נור די פרייוויליגע זאלן אוועקגיין, איז זיכער א שחיטה· דארויף האט סוועטסקי געגעבן אן ״ערנווארט פון א רוסישן אפיצער״, אז דעם שטעטל וועט קיין שלעכטס ניט געשעהן· די שמירה האט אפגעגעבן די 50 ביקסן, און באלד דארויף האבן די קאזאקן געמאכט א פאגראם, וואס האט געדויערט 9 טאג דורכאנאנד·

אין קאָרסון, נאכן ערשטן פאגראם (דעם 26/13 אויגוסט) פון די פרייוויליגע, האט די מאכט דערלויבט צו מאכן א יידישע זעלבסטשוץ· מיטן דעצעמבער, בעת די פרייוויליגע ארמיי האט גענומען אפטרעטן, האט די אפיצערנוואך אנגעהויבן צו רויבן· די יידישע זעלבסטשוץ האט פארטריבן די אפיצערנוואַך און ס׳איז געווארן רוהיג· באלד נאך דעם איז דורכן שטעטל דורך א טייל וואלטשאַנסקער פאַרטיזאַנעס· זיי האבן קודם כל צוגענומען דאס געווער בא דער יידישער זעלבסטשוץ, נאכדעם האבן זיי שוין אומגעשטערט געקאנט מאכן א פאגראם·

אין די ערטער אבער, וואו בא דער יידישער יוגנט איז על־פי־נס נאך געבליבן געווער אין האנט, דארט האט זי זיך מיט גרויס מוט געשטעלט קעגן די מיליטער־באנדיטן· אין סטעבלעוו (קיעווער גוב·) האט זיך די יידישע זעלבסטשוץ געשטעלט קעגן קאזאקן און אגב מיט א שפיצל פארטריבן זיי פון שטעטל· די זעלסטשוץ האט נאכדעם אפגעווארפן אן אַטאַקע פון א באנדע 400 רויבער מיטן אַטאַמאַן טוז, דערביי האט זי פארכאפט בא דער באנדע 3 קוילנ־

וואַרפער, ביקסן, אַמוניציע א. ד. גל. בעת די פרייוויליגע האבן אפגעטרעטן פון דער געגנט האט זיי די זעלבסטשוץ ניט אריינגע־לאזט און פארהיט דאס שטעטל.

IV

# די סיבות פון די פאגראמען. פאגראמען אלס א טייל פון דער קריגס־ און סאציאל־פאליטישער פראגראם, די באציהונג פון די העכערע באפעלער.

מיר האבן שוין געזעהן, אז פאגראמען זיינען בא דער פריי־וויליגער ארמיי א כלל, ניט קיין פרט. פאגראמען זיינען בא איר געווארן א שטיק וועגווייזער די גאנצע צייט, פון די איבערראשנ־דיגע נצחונות אָן ביז דער שענדליכער מפלה, — דאס איז בא דער פרייוויליגער ארמיי געווען א שטיק קריגסשטייגער. פון וואנען זשע נעמט זיך דאס? וואו שטעקן דא די אינעווייניגסטע טרייב־פעדער, וואס האבן געטריבן צו רציחות און רויבערייען א גרויסע ארמיי, וואס איז געגאנגען „ראטעווען רוסלאנד", זיכערן „ארד־נונג און רעכט" און דערצו נאך האט זי געהאט פאר פירער אלטע, געניטע גענעראלן, זיילן פון מיליטערדיסציפלין? וואס פארבינדט דא דעם קריגסשטייגער מיט דער קריגסנוויט, אדער מיט דער קריגספראגראם?

**געלעגנהייטן פאר פאגראמען.**

קודם כל וועגן געלעגנהייטן פאר פאג־ראמען. סיבות — דאס איז א דויערנדיגע אינעווייניגסטע זאך, וואס האט אירע טיפעווארצלען, סיבות איז א כלל; אקעגן — געלעגנהייטן זיינען א פּרט, צופעליגקייטן, א זאך, וואס איז נוגע א באשטימט ארט בא א געוויסער לאגע, א שטייגער: ווי יידן אויף אן ארט האבן זיך געפירט בנוגע צו די פרייוויליגע, אָרטיגע געשעהענישן, סכסוכים

א׳ ד׳ גל׳״ וואס קאן אויפרייצן א מיליטערטייל און ברייגגען צו א פאגראם אין א געוויס ארט׳ קוקן מיר זיך צו׳ וויאזוי פאגראמען זיינען געווארן און וויאזוי זיי האבן זיך אנטוויקלט׳ — אזוי מוז קלאר ווערן׳ אז אין דעם גרעסטן טייל פאלן איז אפילו קיין אויסערע צופעליגע געלעגענהייטן ניט געווען פאר קיין פאגראם׳ לאמיר זיך דערמאנען׳ אז פאגראמען הויבן זיך אן באלד ווי א מיליטערטייל קומט אן אין שטאט׳ איידער נאך מ׳טרעפט זיך לענגער מיט דער יידישער באפעלקערונג און מ׳קאן צו איר תרעומות האבן׳ נאך מער: אין א סך שטעט הויבט זיך דער פאגראם אן מיט דער יידישער דעפוטאציע׳ וואס קומט מקבל פנים זיין די פרייוויליגע מיט ברויט און זאלץ׳ אין איינציגע ערטער! וויל מען האבן׳ אז שולדיג זיינען די פראוואקאטארישע קלאנגען׳ אז יידן האבן געשאסן אין די פרייוויליגע׳ און מ׳מיינט דערמיט די פאַלן׳ ווען די פרייוויליגע האבן געמוזט אפטרעטן פאר די רויטע אויף עטליכע טעג (אפט גאר אויף עטליכע שעה׳ ווי א שטייגער אין קאָרסון) און האבן נאכדעם צוריק איינגענומען די שטאט (אזוינע איז פירגעקומען אין באָרזנאַ׳ ניעזשין׳ נאָווי־מגלין׳ פּאַסטאָוו׳ קיעוו און אנד׳)׳ ניט קיין קלענערע׳ ווי אַ שטאב פון אן ארמיי האט אפיציעל אין א רעלאַציע מיטגעטיילט׳ אז יידן האבן געשאסן אין די פרייוויליגע׳ בעת יענע האבן אפגעטרעטן פון נאָווי־מגלין (טשערניגאווער גוב)׳ דערביי ווערט אגב געזאגט׳ אז אקעגן דעם האט מען ״געטאן מיטלען״׳ ניט שווער זיך אנצושטויסן׳ וואס מ׳מיינט דערמיט׳ ״אָסוואַג״׳ די אפיציעלע פראפאגאנדע־אגענטור׳ האט זיך אויך ניט געשעמט צו פויקן וועגן ״יידישער שיסעריי״ אין קיעוו די טעג 14—19 אקטאבער׳ ווען א נישטיגער באלשעוויסטישער מיליטערטייל פון דער אירפעניער גרופע האט זיך אריינגעריסן אין שטאט׳ און מ׳האט זיך געשלאגן אין די גאסן׳ וואלט אפילו די מעשה מיט דער ״יידישער שיסעריי״ אין יענע געציילטע ערטער געווען ריכטיג׳ איז דאס אויך געוויס קיין תירוץ ניט פאר פאגראמען אין גאנץ אוקראאינע׳ וואו פון קיין שיסעריי איז קיין רייד ניט געווען׳ ס׳זיינען אבער פאראן פאקטן אפילו א ספעציעלע

אויספארשונג אויך, וואס מאכט צו נישט די גארע שיסעריי־לעגענדע. די טעג פונם גרויסן קיעווער פאגראם, דעם 17—20 אקטאבער 1919, האט אן אָפּיציעזע קיעווער צייטונג „וועטשערניע אָגני" דערציילט אין א ריי נומערן (38, 39, 40) כלומרשט פאקטן פון „יידישער שיסעריי", עטליכע גאָר מעסיגע און אפילו קאנסערוואַטיווע פאליטישע און געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס:—„דער פאר־באנד אויפצולעבן רוסלאנד", דער „נאציאנאלער צענטר", די נאַציאנאלע פאראייניגונג", דער „לערער־פארבאנד", דער „שטאט־פארבאנד" וכדומה —, האבן די דאזיגע „פאקטן" ספעציעל אויס־געפארשט, און דערביי האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די אלע „פאקטן" זיינען אויסגעטראכט, און ניט שטארק קלוג דערצו. לאמיר דא ברענגען איינעם אזא „פאקט" (№ 13). די צייטונג דערציילט וועגן דעם אזוי: „דעם 16/3 אקטאבער האבן 4 יידן און 1 קריסט געשאסן פונם דאַך הויז № 18 אין קרעשטשאטיק־גאס, מ'האט זיי אראפגענומען פונם דאַך און דערשאסן." די אויספאר־שונג ענטפערט דארויף אזוי: „דאס הויז № 18 אין קרעשטשאטיק־גאס — דאס איז דער קיעווער שטאָט־מאַגיסטראַט. וועגן דער שי־סעריי האט דער קוריערנקאמיטעט פונם מאגיסטראט געשיקט א בריף צו דער רעדאקציע „וועטשערניע אָגני". פונם דאזיגן בריף איז צו זעהן, אז נאך דעם 15/2 אקטאבער האבן וואָלטשאַנסקער פאַרטיזאַנעס[1]) פארנומען דעם מאגיסטראט און ארויפגעזעצט אויפן באַלקאָן א רוסישע נאציאנאלע פאָן. דעמזעלבן טאג האט שוין אין מאגיסטראט פונקציאנירט אשפייזפונקט. דעריבער איז לחלוטין אויסגעשלאסן, אז דעם 16/3 זאל מען שיסן פונם מאגיסטראט פונם דאַך". מיט די זעלבע ראיות לייקענט די אויספארשונג אפ אלע איבריגע „פאקטן" אויך.

די דאזיגע הכחשה איז געווען אויסגעהאנגען אין קיעוו אויף אלע סלופעס, און די צייטונג „וועטשערניע אָגני" האט דארויף ניט

[1]) א מיליטערטייל, וואס האט א גרויסן פאגראם־נאמען, ער האט געמאכט שחיטות אין קאָרסון, פאַסטאָוו און אין אנדערע שטעט.

אפגעענטפערט. נאך מער: גענעראל דראַגאָמיראָוו האט אוועקגע־זעצט א ספעציעלע קאמיסיע מיט סענאַטאָר גוליאַיעוו בראש אויף אויסצופארשן די פאַקטן, און די דאזיגע קאמיסיע האט קיין זאך ניט פארעפנטליכט און ניט באשטעטיגט וועגן „יידישער שיסעריי", האָפנטליך, ניט פאר ליבשאפט צו יידן.

ניט קיין בעסערע מערכה האט די מעשה מיט נאָוואָ־מגלינער שיסעריי. דארט האבן געוואוינט סך־הכל 70 יידישע פאמיליעס צווישן קריסטן. בעת די שלאכטן צווישן די פרייוויליגע און די באלשעוויקעס פאר דער דאזיגער שטאט, איז די שטאט אויסגע־שטאנען א שטארקע שיסעריי פון ארטילעריע און קוילנווארפערס. יידן און קריסטן פלעגן גיין איינס צום אנדערן זיך אויסבאהאלטן אין די קעלערס. דאס לעצטע מאל, איידער די פרייוויליגע האבן פעסט איינגענומען די שטאט, זיינען יידן געגאנגען זיך באהאלטן צו קריסטן, ווייל געשאסן האט מען גראד אויפן יידישן טייל שטאט, וואס ליגט ביים טייך דניעסטר. די באלשעוויקעס, וואס זיינען דע־מאלט געווען אין שטאט, זיינען אריין אין די פוסטע יידישע הייזער און געשאסן פון דארט. א קריסטליכע דעפוטאציע האט נאכדעם באשטעטיגט דעם קאמענדאנט פון די פרייוויליגע, אז יידן האבן מיט דער שיסעריי ניט געהאט צו טון.

ס'איז אפילו פאראן א ספעציעלע „באשטעטיגונג" פונם 15/2 אקטאבער, וואס קריסטן שכנים האבן ארויסגעגעבן יידן. דארט שטייט אזוי: „מיר, אונטערגעשריבענע איינוואוינער פון נאָווי־מגלין, באשטעטיגן דערמיט, אז ס'איז ניט ריכטיג דאס, וואס ס'שטייט אין „קיעווליאנין" א 21 פונם 27/14 סעפטעמבער: די יידן אין שטעטל האבן קיין שלעכטס דער פרייוויליגער ארמיי ניט געטאן און אין דער ארמיי ניט געשאסן". זיי באשטעטיגן אויך, אז קיינע פארשארפטע באציהונגען צווישן יידן און קריסטן איז ניט געווען און אז יידן האבן זיך אקטיוו אין סאָוויעטישע אינסטיטוציעס נישט באטייליגט. געחתמעט די באשטעטיגונג האבן: דער גוטבאזיצער גריגאָרי אי־וואנאוויטש פיליפענקא, דער פאסטמייסטער יושטשענקאָ, אלעקסאנ־דער און פעטער כאָנאק, א לערערין יעליסינאַ און אנדערע. צווישן

זיי אסך ראַטמענער פונם מאגיסטראט. דער מאגיסטראט באשטע־טיגט די חתימות.

דאס אייגענע איז מיט דער „שיסעריי" אין פּאַסטאָוו און אין אנדערע שטעט.

אקעגן ווידער זיינען פאראן ידיעות, אז אין די אלע פאלן האט מען דעם פאגראם פריהער אָרגאניזירט, און געטאן האט מען דאס אָן א זייט, נאך גאר אנהויב קריגפלאָנטער, קיעווער איינ־וואוינער, קריסטן און יידן, וואס זיינען דעם 14 אקטאבער צוזאמען מיט די פרייוויליגע אנטלאפן פאר די באלשעוויקעס אויף דער גאהנטסטער סטאנציע דאַרניצע, דערציילן, אז דארט, אין דארניצע, האט מען געהאלטן אין אֵיין אגיטירן פאר א פאגראם אין קיעוו, בעת פון קיין יידישער שיסעריי האט מען נאך ניט גערעדט און מ'האט נאך קיינעם „פונם דאַך מיט קוילנווארפערס" ניט אראפּ־גענומען. עטליכע ידיעות זיינען פאראן פון פּאַסטאָוו אויך די טעג, ווען די פרייוויליגע זיינען אפגעטרעטן פאר די באלשעוויקעס אויף דער נאהנטסטער סטאנציע קאָזשאַנקע. מ'דערציילט אינם ד"ר סני־סאַרענקאָס נאמען, וואס האט אפגעטרעטן צוזאמען מיט זיין 2־טער טערער פלאַסטונער בריגאדע, אז דער אויבער פון דער בריגאַדע, בעלאָגאָרצעוו, האט צוגעזאגט „אוועקגעבן פּאַסטאוו" יענע קא־זאקן, וואס וועלן די שטאט איינעמען.

ס'איז קלאר: די מעשות מיט „יידישער שיסעריי", אדער אז יידן זאלן האבן געשריגן „אוראַ" לכבוד די אנגעקומענע באל־שעוויקעס — (פּאַסטאָוו), — דאס אלץ מאכט ניט קלאר די לאגע, אפילו אין די פאלן, ווען מ'ברייננגט דעם דאזיגן תירוץ. ס'איז א פאקט, אז אין די אלע שטעט האט זיך דער פאגראם אייגנטליך אנגעהויבן פריהער, איידער די פרייוויליגע האבן געמוזט פון דארט אויף א צייט אפטרעטן; אנגעהויבן האט ער זיך באלד ווי די פריי־וויליגע זיינען אריין אין שטאט, אזוי ווי דאס איז פירגעקומען אומעטום. נישט מער, נאך די מעשיות מיט דער שיסעריי האבן זיך די פאגראם־רציחות נאך מער פארשארפט.

די מעשיות מיט „יידישער שיסריי" איז נאך דערפאר שטארק חשודיג, וואס דערציילן דערציילט מען דערפון נאך דעם פאגראם. און ניט די פאגראממאכער דערציילן דאס, נאר אנדערע די, וואס זיינען אויסן מאראליש צו שטיצן די פרייוויליגע, און זיי פארשטייען, וואס פאר אן איינדרוק פאגראמען מאכן אויף דער געזעלשאפטליכער מיינונג אין א צושטאנד פון א בירגערקריג בא קאמפליצירטער אינטערנאציאנאלער סיטואציע. מיט „יידישער שיסעריי" וויל מען דא פארענטפערן דעם פאגראם. פרעגט זיך: וואס איז דא פריהער: די שיסעריי־מעשיות אדער דער פאגראם? ווער דארף דאס אייגנטליך האבן דעם תירוץ? צי דארפן אים האבן קאזאקן, וואס קומען צו פארן אין וואגאנעס, אויפגעשריבן: „הרגע יידן, ראטעווע רוסלאנד"? ס'איז קלאר: ניט דער צופאל איז דא וויכטיג; וויכטיג איז, וואס מ'איז שטענדיג גרייט צו מאכן א פאגראם, וואס א פאגראם איז דא אן אויסגעטראטענער וועג. די אמת'ע סיבה שטעקט דא א סך טיפער.

## די פרייוויליגע ארמיי.

די פרייוויליגע ארמיי איז באשטאנען דערהויפט פון פרייוויליגע, פון פארטיזאנעס. מ'האט געפרובט מאכן מאביליזאציעס אויך, אבער זיכר, אז די באפעלקערונג האט זיך ניט געלאזט, און פון מאביליזאציעס איז דער ארמיי ווייניג צוגעקומען. צוויי הויפט־סימנים כאראקטעריזירן די דאזיגע ארמיי: א שפע פון אפיצערן, וואס זיינען אנטלאפן פון ראטנרוסלאנד, און א צוגרויסע צאל קאזאקן, דערהויפט אזיאטישע רייטער פון פארשידענע ווילדע שבטים: טשעטשענצעס, אסעטינעס וכדומה. ק. נ. סאקאלאוו, אזייל פון דער דעניקינשער דיקטאטור, א מיניסטער אין דעניקינס רעגירונג, וואס האט ניט לאנג פארעפנטליכט אבוך: „גענעראל דעניקינס רעגירן" (סאפיע, 1921), שרייבט וועגן דער דאזיגער ארמיי אזוי: „מיר זיינען געווען אין אטראגישער לאגע. אונזער מיליטערשטיץ, קובאניער קאזאקן, איז געשטאנען אונטער דער דעמאגאגישער ווירקונג פון טשארנאמארער אוקראאינאפילן (אנהייגער פון קאזאקישן. מלוכה־סעפאראטיזם); דער רוסישער, צוגעקומענער, טייל

באפעלקערונג האט אונז געגעבן באלשעוויקעס, האלבע לענין־יונגען, אדער מעסיגערע פארטרעטער פון דער „רעוואלוציאנערער דעמאָ־קראטיע״. מיליטעריש האבן מיר אויסגעשטעלט אויף די קאזאקן. ניט אומזיסט האט גענעראל דעניקין געהאט געשריבן אין אווגוסט [1918] דעם קובאַניער אַטאַמאַן: „ס׳איז געוויס, אז בלויז די קאזאקישע און די בערגישע [קאווקאזער] באפעלקערונג האט דאס רעכט איינצוארדנען זייער היַים, ווייל זיי האבן זיך געשטעלט אקעגן די שונאים און גוואלדטוער״ (ז. 57).

דאס איז וועגן קאזאקן און קאווקאזער ווילדע שבטים. ספּעציעל וועגן אפיצערן דארף געזאגט ווערן, אין דער פרייווילליגער אַרמיי זיינען זיי געווען אזוי פיל, אז פון אפיצערן האט מען צונויפגע־שטעלט גאנצע מיליטערטיילן, און גענעראלן האט מען געגעבן צו פירן ראָטעס. וו. וו. שולגין, רעדאקטאר פון „קיעוולִיאַנין״, אמקורב און אן אויסגעצייכנט אינפאַרמירטער מאַן, דערציילט מיט התפעלות בא דער געלעגנהייט, ווען די פרייוויליגע האבן דעם 14—19 אקטאבער געמוזט פאַסירן קיעוו, אז ניט קיין קלענערער, ווי דער גענעראלגובערנאטאר דראַגאָמיראָוו, האט אפגעשטעלט אויפן היַינג־בריק לויפנדיגע אפיצערן, יונקערס, האט געמאכט פון זיי אראָטע און דא אויף דער שטעל געהייסן פארקערעווען צוריק געגן די באָל־שעוויקעס.

וואס איז געווען דער מאראלישער צושטאנד אין דער דאזיגער ארמיי פון אפיצערן און האלבווילדע שבטים צו דער צייט, ווען זיי האבן אנגעהויבן אריין אין טיף אוקראאינע? וועגן דעם האבן מיר אן אווטאריטעטע מיינונג פון איר העכסטן פירער, פונם גענעראל דעניקין גופא. דעם 26 יולי (8 אויגוסט) 1919 צוויי אזייגער בייטאג איז צום גענעראל דעניקין אין ראָסטאָוו־דאָן געקומען א יידישע דעפּוטאציע. אין דער דעפוטאציע זיינען געווען פארזיצערס פון יידישע קהלות: פון יעקאטערינאסלאווער — מ. ס. ברוק, פון כארקאווער — ד״ר ל. ב. ווילענסקי, פון ראָסטאָווער ד״ר ז. גאלדענ־בערג, פון טאַגאַנראָגער — ד״ר א. י. יעווינזאָן. די דעפוטאציע האט זיך אגב געקלאגט אויף די רציחות, וואס קאזאקן באגייען

געגן יידן אין כארקאווער גובערניע, אין יעקאטערינאסלאוו. דארויף האט גענעראל דעניקין געענטפערט: „יא! ס'איז שווער צו זעהן עפיס גוטס פון מענשן, וואס זיינען געפאלן ביז גאר. דאס זיינען דאך ניט די פריווילעגיע, וואס די אידייע האט זיי געבראכט אין דער ארמיי... דאס איז דאך אן ערב־רב."[1])

אויב ניט די אידייע און ניט מיט גוואלד, איז וואס זשע האט געטריבן דאס געזינדל „ביז גאר געפאלענע" מענשן פירצונעמען אזא רייזיקאלישע זאך ווי „ראטעווען רוסלאנד"? אפשר אגרויסער לוין, אגוטע אויסהאלטונג? געוויס ניט! דער דערמאנטער ק. נ. סאקאלאוו, וואס איז אם בעסטן אינפארמירט אין דעם פרט, דער־ציילט וועגן אויסהאלטן די ארמיי אזוי: „אונזער ארמיי האט מען שטענדיג שלעכט אויסגעהאלטן, מ'האט איר שלעכט געצאלט און שלעכט געקליידט. די ארמייבאאמטע אויפן פראנט האבן געקריגן פונקט דאס זעלבע גראשיגע געהאלט, ווי די טשינאווניקעס אין הינטערפראנט. נאר אזיווי די ארמיי איז ניט געשטאנען אויף איין ארט, און דערצו פלעגט נאך אויספעלן פאפירגעלט אויך, איז פלעגן זיי אפט בכלל גאר ניט ניט קריגן. מיט דער באקליידונג האט דאס אויך געהאלטן שלעכט... צו הארבסט צו [1919] איז שוין געווען קלאר, אז ווינטער וועט די ארמיי פרירן" (ז. 192). דאס אייגענע הערן מיר פון אן אנדער פערזאן אויך, וואס איז ניט ווייניגער אווטאריטעט אין די פראגן, און איז פערזענליך געווען שטארק צונויפגעבונדן מיט דער פרייווילליגער ארמיי, מיט אירע אויבערבאפעלער אין מיט אירע פאליטישע פירער. מיר זיינען דא אויסן וו. שולגינס ארטיקל „צוויי ארמייען" אין „קיעווליאנין" (N 67 פונם 26/13 נאוועמבער). וו. שולגין שטעלט דא איינס קעגן

---

[1]) דער שמועס פון דער יידישער דעפוטאציע מיטן גענעראל דעניקין איז פארשריבן געווארן פון איר מויל, די רעדאקציע האט דאס געקריגן צוגעשיקט צוזאמען מיט אנדערע פאגראם־מאטעריאלן פון דער כארקאווער קהלה, ווי ווייט איך ווייס איז דער שמועס ביז היינט נאך ניט פארעפנטליכט געווארן.

אנדערן די באלשעוויסטישע און די פרייוויליגע ארמיי, וועגן די פרייוויליגע רעדט ער דא פארשטעלט טעארעטיש, אבער ס'איז ניכר, אז ער איז אויסן דערמיט אביטערן יֵש. ווי שולגין וויל האבן, אז „דער צוועק פון דער פרייוויליגער ארמיי איז — בייצושטיין און ראטעווען די פרידליכע ארבעטס באפעלקערונג פון דעם שרעקליכן איבערפאל פון ליידיגגייער, וואס האבן זיך געגומען פאר דער ביקס." דערפון קומט ער צום אויספיר: „אויב אזוי, איז וואלט די פריי־וויליגע ארמיי געקומען צו'ן אטראַגישן קאנפליקט מיט זיך גופא, ווען איר עקזיסטענצקוועל זאל זיין רויב." דער דאזיגער דורכזיכ־טיגער רֶמֶז אויף דער „עקזיסטענצקוועל" פון דער פרייוויליגער אַרמיֵי ווערט נאך קלארער, ווען שולגין פרובט דערקלערן, פון וואנען דאס נעמט זיך: „פארשטייט זיך, מ'וועט זאגן, אז קיינעם וואלט ניט איינגעפאלן צו רויבן, ווען די ארמיֵי זאל קריגן אלצדינג, וואס איר קומט, ווען זי זאל ניט פרירן און ניט הונגערן, אבער פרעגט נאר, וועט איר הערן, אז..." — „דאם איז לויטער אמת. די געוואוינשאפט צו רויבן נעמט זיך אין אגעוויסער מאס פון דער ביטערער נויט."

קלארער און אפענער רעדט ק. נ. סאָקאָלאָוו וועגן דער „עקזיסטענצ־קוועל" פון דער פרייוויליגער ארמיֵי. „אין רוקן היגטערן פראנט, האט ווער ווי ס'האט געקאנט פארריכט זיינע געשעפטן מיט מער ווייניגער „כשרע" הכנסות. אויפן פראָנט פלעגט די זאך צוגיין נאך איינפאכער. „רעאַלכאַפּ"[1]) [רעאליזירן דאס, וואס דאס מיליטער פאַרכאַפּט] איז אריין אין די זיטן בא אונזער ארמיי דעמאלט נאך, ווען „רעאליזירן דאס, וואס מיליטער פארכאפט" איז געווען די הויפטקוועל, אפשר די איינציגע עקזיסטענצקוועל בא דער פריי־וויליגער ארמיי: אבער נעבן דעם דאזיגן „רעאַלכַאפּ"', וואס האט זיך גערעכנט פאר געזעצליך און מ'האט באדארפט דארויף אפגעבן

[1]) פונם רוסישן: „Реалдоб" — אקיצור פון די ווערטער: „реализація военной добычи" — דאס הייסט — רעאליזירן דאס, וואס דאס מיליטער פארכאפט —, מ'דארף פארשטיין — באם שונא.

חשבון, האט זיך אין אונזער ארמיי איינגעפלאנצט נאך אן אנדער מין „רעאַלכאַפּ"; געטאן האבן דאס גרופּעס און יחידים, און געווען איז דאס — אָפענער רויב... וואס ווייטער פלעגט אלץ אפטער קומען ידיעות, אז ביי יחידים און ביי גאנצע מיליטערטיילן קלייבן זיך אן גרויסע קאפּיטאלן... איינמאל ווינטער איז אונז אויסגעקומען צו זעהן אין ראָסטאָוו אצוג פון איינעם אפּאָפּולערן מיליטערפירער, וואס איז געפארן זיך אפרוהען מיט זיינע „יונגען". דאס איז געווען אצוג אריז פון אסך צעהנדליגער וואגאנעס, אנגעלאדן מיט מאנו־פאקטור, צוקער און פארשידענע אנדערע זאכן. א שטיק צייט זיינען דערמיט געווען פארנומען אלע ליניעס אויפן ראָסטאָווער וואקזאל" (ז. 194—193).

שולגין זעהט אזא אויסוועג פון דער „ביטערער נויט": „ס'לוינט בעסער צו האבן אן ארמיי קלענער אין צאָל, אבער זי זאל זיין רעכט פארזארגט מיט אלצדינג, וואס זי האט נויטיג, איידער א גרעסערע ארמיי, וואס ציהט אבער אירע עקזיסטענצמיטל אויף וואַלענשטיינס שטייגער, ד. ה. פון רויב". ווארום —, זאגט שולגין נביאות —, „אזא ארמיי וועט לאנג ניט האלטן".

בכן הערן מיר בא די אַווטאָריטעטסטע און בא די איבערגע־געבנסטע פריינט פון דער פרייוויליגער ארמיי אזא כאראקטעריסטיק פון דער דאזיגער ארמיי: 1) דאס זיינען „ביז גאר געפאלענע מענשן", וואס קומען צו דער ארמיי ניט פון דער אידייע וועגן [און ניט מיט גוואלד אויך]; 2) דאס איז אן ארמיי, וואס האלט זיך אליין אויס „אויף וואַלענשטיינס שטייגער" —, דאס הייסט מיט ר ו י ב.

דא ערשט הויבן מיר אן צו פארשטיין, פארוואס צו דער פריי־וויליגער ארמיי קלעפּן חשודיגע עלעמנטן, אפט גאר פשוטע באַנ־דיטן, ווי א שטייגער א. ט. סטרוק. וועגן דעם דאזיגן וואוילן יונג און וועגן זיין קאַריער אין דער פרייוויליגער ארמיי לוינט צו ריידן עטוואס ברייטער.

איליאַ טימאָפעיעוויטש סטרוק, אפויער פונם דאָרף גריני, האָרנאָ־סטאַפּאָליער וואָלאָסט קיעווער גוב., געענדיגט אדארפישע שול, הויבט אן זיין מיליטערישע קאַריער נאך דאס יאר 1917, די צייט

פון דער צענטראַלער ראַדע· דעמאלט ארגאניזירט ער אטייל פון דער ״ווילנע קאַזאַצטווע״, ד· ה· פון דער אוקראַאינישער נאציאנאלער ארמיי· די צייט פונם העטמאַן און דער דייטשער אָקופּאַציע (מערץ־נאוועמבער 1918) דארף מען אים שוין מער ניט, נעמט ער זיך צו ספּעקולאציע, האנדלט מיט פאלש געלט, און פּאליציי רודפט אים· די צייט, ווען די אוקראַאינישע דירעקטאריע מאכט דעם אויפשטאנד געגן העטמאַן (נאוועמבער—דעצעמבער 1918), מאכט ער ווידער אמיליטערטייל פאַרטיזאַנעס, און צאפּט דורכאַנאַנד ״קאָנטריבוציע״, אדער, פּשוט, רייסט געלט בא יידן אין דעם ראַיאָן האָרנאָסטאַפּאָל־טשערנאָביל; אגב הרגעט ער יענע צייט א פּאָסטבאַאַמטן אין שטעטל מאלין (אנהויב יאנואר 1919)· דער מאַלינער קאמענדאנט ארעסטירט סטרוקן און שיקט אים אפ קיין קיעוו; דארט לאזט מען אים אפּ· צו יענער צייט הויבן די באלשעוויקעס אָן צו קעמפן קעגן דער דירעקטאָריע; סטרוק שטייט צו צו די באָלשעוויקעס, און פארעפנטליכט א באלשעוויסטישן ״מאַניפעסט״ צו פויערים· מ׳שיקט אים אויפן פראָנט מיט זיין מיליטערטייל, און דא, אין דער ערשטער שלאכט, פעלשט ער אין די באלשעוויקעס און שטייט ווידער צו צו די אוקראַאינער· נאך דעם האלט ער מיט זיין באַנדע אין איין מאכן פאגראמען אויף יידן אין האָרנאָסטאַפּאָל, טשערנאָביל און אין אנדערע ערטער, און אזוי ציהט זיך דאס 9 חדשים לאנג· זיינע לעצטע פאגראמען מיט דעם אויסרוף: ״הרגע יידן, ראַטעווע די ראַטנמאַכט אָהן קאָמונעס!״ קומען שוין פיר די צייט, ווען די פרייוויליגע פארנעמען קיעוו· אבער פאר גענעראל ברעדאָוו, דעם מיליטערפירער פון די פרייוויליגע אין קיעווער ראַיאָן, איז דאס אלץ קיין מניעה ניט, אז ער זאל ארייננעמען דעם דאזיגן באַנדיט אין דער ארמיי· מ׳הייסט סטרוקן ארגאניזירן ״דעם 1־טן קליינרוסישן פאַרטיזאַנישן מיליטערטייל״, און מ׳קרוינט אים מיטן טיטל ״פּאָלקאָווניק״ פונם דאזיגן טייל (סעפטעמבער 1919)·[1] פאר דעם גענעראל ברעדאָוו איז קיין סוד ניט געוועזן, ווער סטרוק איז· איינער א קריסט

[1] זעה די צייטונג ״קיעווסקאיא רוס״ N 5 פונם 25 נאוועמבער 1919·

מעלניטשענקאָ, וואס האט אויסגעצייכנט געקענט סטרוקן, האט ברעדאָוון דערלאנגט וועגן דעם אשריפטליכע מעלדונג, מיט ברע־דאָוון האט אויך גערעדט וועגן דעם פראָפעסאָר אָדינעץ, דער פאַרזיצער אינם געגנטקאמיטעט פונם „פארבאנד אויפצולעבן רוס־לאנד", וואס האט געהאט ביי זיך אלע מאטעריאלן וועגן סטרוקס מעשים, אפילו זיינע געדרוקטע פאגראם־פראקלאמאציעס אויך.

סטרוקס נייע אָריענטאַציע שטערט אים ניט צו טון די אלטע פאגראמארבעט. א גאנץ ווינטער טעראריזירט ער מיט זיין באַנדע, — איצט שוין איבערגעטאנענע רוסישע פּאַטריאָטן —, די גארע יידישע באפעלקערונג אויף פּאָדאָל (קיעוו), צאַפּט ביי זיי דורכאנאנד „קאָנטריבוציע". בעת די פרייוויליגע ציהען אפ פון קיעוו טרעפן מיר סטרוקן אין אַדעס, און דארט טוט ער דאסזעלבע: טעראָריזירט און רויבט יידן, הייסן הייסט דאס, אז ער מאכט א „פויערשן מיליטער־טייל" פרייוויליגע (יאנואר 1920).[1]

איצט הויבן מיר שוין אויך אן צו פארשטיין, וואס פאר א שטיק אמת ס׳שטעקט אין דעם, ווען קאזאקן און טשעטשענצעס, „רוס־לאנדס אויסלייזער", זאגן אין אסך ערטער יידן, אז מ׳האט זיי געגעבן „רעכט צו הוליען 3 טאג". ס׳איז קלאר: כדי צו פועלן ביי אזא ארמיי, זי זאל פאלגן די קריגסבאפעלן און זאל זיך שלאגן, איז דארף זי האבן א געוויסע פ א ר ג י ט י ג ו נ ג. וואס פאר א פאר־גיטיגונג קאן מען איר געבן, חוץ, וואס מ׳זאל איר אפגעבן אויף הפקר שטעט מיט באפעלקערונג (אבער מיט א ט ײ ל באפעלקערונג)? מיר האבן שוין געזעהן, אז ווען בעלאָגאָרצעוו, קאָמאַנדיר פון דער 2־טער טערער פלאַסטונער בריגאַדע, וויל אונטערגעבן זיינע קאזאקן חשק צו „באפרייען" פּאַסטאָוו, זאגט ער זיי צו „אפגעבן די שטאט". א יידישער דעפוטאציע אין קרעמענטשוג, איינער פון אסך אזוינע, וואס איז געקומען בעטן, מ׳זאל איינשטילן דעם פאגראם, זאגט דער קאמענדאנט אָפן, אז קאמאנדירן האבן אפגעגעבן זייערע קאזאקן

---

[1]) סטרוקס פראקלאמאציע וועגן דעם איז געדרוקט אין דער צייטונג „אַדעסקי ליסטאק" N 14 פונם 28/15 יאנואר 1920.

די שטאט אויף 3 טאג. דאס אייגענע זאגט דער האַראָדישטשער קאמענדאנט: מ׳האט די קאזאקן אפגעגעבן די שטאט אויף 48 שעה „פון אונזערע צוועקן וועגן". און דאסזעלבע האט מען געקאנט הערן פון אנדערע קאמענדאנטן, גאַרניזאָן־באַפעלער א. אז. וו.

שולגין האט געטראפן איןביידע פאלן; סיי ווען ער האט געשאַצט די מעטאדע פון „אליין שפייזן זיך" בא דער פרייוויליגער ארמיי, סיי ווען ער האט פאראויסגעזאגט איר סוף. זיין נבואה, אז אזא ארמיי וועט לאנג ניט האלטן, איז מקוים געווארן, און אסך פריהער, איידער ער גופא האט זיך דארויף געריכט. מקוים איז דאס געווארן קודם כל אין די פאגראמשלאַכטן. די דעמאראליזאציע אין דער ארמיי האט דערלאנגט אזוי ווייט, אז ווען 2 סאלדאטן פון איזמא־לאָווער פּאָלק האבן גענומען אין גאס אין מיטן העלן טאג אויסטאָן יידן (אין פרילוק), און אן אפיצער האט זיי געהייסן אפלאזן די יידן, האט איין סאלדאט אויסגעשאסן אין דעם אפיצער. אזוינע ידיעות זיינען פאראן פון בעלאַ־צערקאָוו, פון באָיאַרקע און פון אנדערע ערטער אויך.

מיר וועלן נאך שפעטער זעהן, פארוואס אז מ׳זאגט „אפגעבן א שטאט, די קאזאקן, מיינט מען דערמיט דוקא יידן. אבער דאס, וואס מיר האבן צוגעזעהן ביז אהער, איז שוין גענוג, מיר זאלן קומען צו אזא אויספיר: אויב אין נאָווי־מגלין זאגן קאזאקן, אז זיי האבן רעכט צו „הוליען 3 טאג" —, איז די דאזיגע פאגראם — דערקלערונג אסך אויפריכטיגער, ממשותדיגער און איבערצייגנדער, איידער די אָפיציעלע ווערסיע, אז יידן האבן געשאסן אין דער ארמיי.

מיר האבן שוין געזעהן די צוויי בולטסטע סימנים פון דער פריי־וויליגער ארמיי: דאס איז אן „עֶרֶב רַב", וואס שפייזט זיך אויף „וואַלענשטיינס שטייגער", ד. ה. פון רויב. דאס איז די מאַטעריע, דער חומר פונם פאגראמוועזן. אבער די דאזיגע מאטעריע דארף נאך האבן א גייסט, א אידעאָלאָגיע אויך. די מאטעריע, ווען מ׳זאל זי לאזן פריי געוועלטיגן, קאן פארקריכן זעהר ווייט. „נאך דער יידישער באפעלקערונג הויבט מען שוין אן צו רויבן די רוסישע

אויך" —, אזוי קלאגט זיך פּאָלקאָווניק סאַכאַראָוו, דער גאַרניזאָן־באַפעלער אין בעלאַ־צערקאָוו, (אינם באַפעל N 10 פונם 14/1 אָק־טאָבער), און דעריבער פאָדערט ער, ס'זאָל זיין געגוג פּאָגראָמ־צו געפעדליך איז דער אימפּעט פון אַזאַ מאַטעריע, — דאָס זעהט מען קלאָר —, אַז מ'זאָל זי לאָזן פריי געוועלטיגן, ניט פּרובן זי איינצוימען, רעגולירן, צוליב דעם אייגענעם קיום האָט מען באַ־דאַרפט נעמען „די ביטערע נויט" אין די הענט, ווייזן איר אַ געוויסן וועג. דאָ מוז שוין ממילא געבוירן ווערן דער געדאַנק, אַז — מיט אַ געוויסן רעגוליאַטאָר אין די הענט קאָן מען אויסנוצן די „ביטערע נויט" פאַר דער קריגספּראָגראַם פון דער פרייוויליגער אַרמיי, ד. ה. פאַר דעם קאַמף קעגן באָלשעוויקעס. מ'דאַרף האָבן אַזאַ אידעאָלאָגיע, וואָס זאָל פאַרבינדן דאָס „שלאָגן יידן" מיט „ראַטעוועון רוסלאַנד", ד. ה. מיטן קאַמף קעגן באָלשעוויקעס. אַזאַ אידעאָלאָגיע האָט מען פאַרשפּאָרט זוכן, אויסטראַכטן, מ'האָט זי געקאָנט געפינען אַ גרייטע אין גייסטיגן פאַרמעג ביים אַלטן צאַרישן רעזשים, דער־הויפּט אין דער פּראַקטיק אין דער יידנפראַגע די צייט פונם וועלט־קריג. ווער ווייסט ניט, אַז יידן זיינען רוסלאַנדס שונאים, אַז יידן פאַררעטן די רוסישע אַרמיי א. אַזוי ווי?

די ערשטע התגלות פון אַזאַ אידעאָלאָגיע באַ דער פרייוויליגער אַרמיי, לויט ווי אונז איז באַוואוסט, געהערט נאָך צו סוף נאָוועמבער 1918, די צייט, ווען די אַרמיי האָט זיך נאָך געהאַלטן אין פאָרמירן, צו דעם אמתן קריג האָט מען זיך ערשט געגרייט; דערווייל האָט מען געשטריטן אייגנטליך ניט פאַר רוסלאַנד, נאָר פאַר סימפּאַטיע, פאַר געווינען חן באַ די, וואָס דאַרפן „ראַטעוועון" רוסלאַנד. מ'האָט זיי באַדאַרפט, ערשטנס אויפקלערן, וואָס געווינען זיי באַם נצחון פון דער פרייוויליגער אַרמיי, און צווייטנס, ווער איז דער שונא, מיט וועמען גייט מען מלחמה האַלטן. זעהט אויס, אַז דאָס איז דער צוועק פון דער פּראָקלאַמאַציע „אַשטים פון דער דרום־אַרמיי צום רוסישן פאָלק", געחתמעט „די דרום־אַרמיי", דעם 24 נאָוועמבער (7 דעצעמבער) 1918 אין ראָסטאָוו־דאָן. דער אויפרוף הויבט זיך אָן פונם פּונקט 2, פונם שונא. באַריכות דערציילט מען דאָ, „וואָס

סאצאליזם און באָלשעוויקעס האבן געגעבן דעם פאלק“. „רוסלאנד, שטייט דארט, האט געפעלשט אין די פארבונדעטע מלוכות, אלצדינג איז חרוב געווארן, צערויבט “ א. אזוי. ווער זשע איז דער שולדיגער? דער ענטפער איז אזוי: „זיי, די דאזיגע זשידעס: בראָנשטיין (טראָצקי), נאכאַמקעס (סטעקלאָוו), צעדערבוים (מאַרטאָוו), גאָלדמאַן (גאָרעוו), קירבּיס (קערענסקי), ליבערמאַן (טשערנאָוו), זיי דארפן ניט האבן ניט רוסלאנד, ניט רוסלאנדס וואויל. זיי טרוימען, זיי שטרעבן חרוב צו מאכן רוסלאנד, אומבאהאלפן מאכן דאס רוסישע פאלק אין קעגנזייטיגער שנאה און רויבערייען“.

דער יידישער מאָנאָפּאָל אויף חרוב צו מאכן רוסלאנד ווערט דערמאנט אין אויפרוף עטליכע מאל: „כדי זיכערער אפצונארן דאס פאלק [דאס רוסישע], אזוי שטייט אין אויפרוף, האבן זיי אפילו די נעמען געביטן: לײַבע בראָנשטיין האט זיך גענומען א פאמיליע טראָצקי, ליבערמאַן האט זיך אנאמען געגעבן טשערנאָוו, קירבּיס — רופט זיך קערענסקי“ א. אזוי. ווי. „חוץ דעם מאטעריעלן חורבן, האבן זיי, די בראָנשטיינס, די נאַכאַמקעסעס און אנדי, דעמאראליזירט די פאלקס נשמה“.

די דאזיגע „זשידעס“ האבן „אפגעשווינדלט“ דאס פאלק, זיי האבן אויסגעפירט, אז אלץ איז צעטרעטן, צעבראכן א. אזוי. ווי. חוץ דעם האבן זיי נאך אויסגעלערנט דאס פאלק „שלאגן גלחים און ארויסווארפן הייליגע בילדער“ („איקאָנעס“). „אנשטאט אֵיין קיסר, האבן זיי ארויפגעזעצט אסך קסרימלאך, און נאך זשידעס דערצו“.

דאס איז פונקט 2, דער שונא. פונקט 1, דער צוועק, ווערט דא אגב געטייטשט אזוי: „זיי זאגן ניט (די „זשידעס“), אז רויבן און רואינירן פריצים, דאס איז אלצאיינס, ווי מ׳זאל זיך גופא רואינירן. ווארום ערשטנס איז דער פריץ אן אייגענער, א רוסישער מענש, א גליד פון אונזער רוסיש פאלק; צווייטנס, פלעגט זיין ערד שטענדיג בעסער באארבעט ווערן און פלעגט געבן דעם פאלק און דער מלוכה בעסער ברויט, בעסער פּי, בעסערע פראדוקטן...

„זיי זאגן: לאמיר צעטיילן די ערד [די פריצישע]. אבער וויפיל וועט דערפון יעדן אנקומען, — דאס זאגן זיי ניט. אבער באמת איז

פריצישע ערד פאראן זעהר ווייניג, אין אסך ערטער איז גאר קיין פריצישע ערד ניטא. הייסט דאס, אז באטײלן אלעמען קאן מען ניט."...

די "דרום־ארמײ" ווענדעט זיך מיט הארץ צום רוסישן פראַ־וואָסלאַוון פאלק: "הער אויף צו פארקויפן די זעעל די זשידעס". ווארף אראפ פון זיך די זשידעס יאך.

בכן זעהן מיר, אז די פראגראם פון דער "דרום־ארמײ" לאזט זיך קורץ פאסן אזוי:

1. דער צוועק: די גרויסע פריצישע גיטער דארף מען ניט אנרירן, ווארום דער פריץ א) איז אן "אייגענער מענש" און ב) ס'איז ניטא ביי אים וואס צו נעמען ("ערד האבן זיי ווייניג").

2. דער שונא: דער שונא — דאס זיינען די "זשידעס" און ניט מער ווי די "זשידעס", קערענסקי, טשערנאוו און אנדי, וואס די וועלט האלט זיי פאר רוסן, דאס איז ניט מער ווי איבערגעטאנענע זשידעס. די זשידעס שטרעבן צו פארניכטן רוסלאנד, זיי טרעטן מיט די פיס די פראַוואָסלאַווע קירך.

3. דער וועג צום צוועק: אראפווארפן פון זיך דעם יאָך פון די זשידעס.

בא דער דאזיגער פראגראם האלט מען זיך ניט שטרײנג, בא געוויסע אומשטאנדן פארשווייגט מען, מ'דערזאגט נישט, און ספעציעל וועגן פריצישער ערד, דאס, וואס ס'לאזט זיך זאגן וועגן פריצישער ערד אין דאָן־און־קובאַן־געגנט, אין די פעטע דרום־סטעפעס, וואו דעם פויער מייסטנס פעלט ניט קיין ערד, — דאס פאַסט ניט פירצובריינגען אין אוקראאינע, וואס אגרויסן טייל פויערים פעלט דארט שטארק אויס ערד, בפרט נאך, אז די ראטנ־מאכט האט שוין אפגענומען בא פריצים די ערד, און פויערים וועלן די דאזיגע ערד פון די הענט ניט ארויסלאזן. געגעראלן האבן דאס אויך פארשטאנען. און מיר זעהן טאקע, אז אין אוקראאינע רעדט מען ווייניגער פון פריצישער ערד, מ'זאגט אפילו צו "לינ־דערן" די ערדנויט.

וועגן דער אַגראַרעפארם, ווי וועגן אנדערע סאציאלע און פאליטישע פראגראמפונקטן בא דער פרייווילינער ארמיי, וואס האבן שטארק געשמעקט מיט רעסטאַווראַציע, מיט צוריקקומען צום „אלטן רעזשים" —, וועגן דעם אלעמען לאזט זיך זעהר אסך זאגן. אבער בא דעם פארנעם פון אונזער איצטיגער ארבעט מוז מען זיך האלטן בא דעם וויניגן, וואס איז שטרייננ נויטיג. דער בעסטער עֵדות אויפן סאציאלן און פאליטישן קורס פון דער פרייווילינער ארמיי — איז געוויס דער פילדערמאנטער ק. נ. סאָקאָלאָװ, איינער פון די, וואס האבן דעם דאזיגן קורס באשאפן. ער איז געוויס ניט פאראינטערעסירט צו פארשווארצן דעם קורס. אין זיין דערמאנטן בוך „גענעראל דעניקינס רעגירן" זאגט ער וועגן דעם אזוי: „די ערדפראגע האט מען אויך געוואלט פארענטפערן לייטיש, אנשטענדיג, מיט רעכט און מיט יושר. גענעראל דעניקין האט געשריבן דעם 24 מערץ 1919 אין זיין פראגראמבריף וועגן דער ערדפראגע קודם כל, אז „בא די אייגנטימער בלייבט דאס רעכט אויף זייער ערד". בכן זאל דאס הייסן, אז מיר גייען אומצוקערן די פריצים זייער רעכט" [אונזער קורסיוו נ. ש.]. ק. נ. סאָקאָלאָװ גופא איז ניט מסכים מיט אזא פריצישער פראגראם. מעגן מיר דאס פארכאפן ערד האלטן פאר „אוממאָראַליש"', אבער דאך מוז מען דעם פאקט לעגאליזירן, ווייל דאס איז „פאליטיש צוועקמעסיג". סאָקאָלאָװ טייטשט אויס דעניקינס פראגראם אזוי, אז דא איז מען אויסן געווען בלויז א „יורידישן אויפטו: „דערמיט זאל באפרידיגט ווערן דאס באליידיגטע רעכט, און פריצים זאלן מעגן האבן תּביעות אויף אויסקויפגעלט" פאר דער אפגענומענער ערד. ס'איז געוויס אשיינער טייטש, אבער ער מוז דאך מודה זיין, אז „אין דער פראקטיק פלעגט דאס אמאל קומען דערצו, אז מ'האט מיט גוואלד ארויפגעזעצט פריצים". (ז. 287). „ס'זיינען געווען מאוסע פאלן, ווען מ'האט געשטיצט פריצים און מ'האט גערודפט פויערים" (ז. 187). אבער אביסל ווייטער הערן מיר שוין בא אים ניט פון „מאוסע פאלן"', נאר פון א רעגירונגס־פראגראם. „סוף יוני 1919, [דאס הייסט צו דער צייט, ווען די ארמיי האט זיך אנגעהויבן צו

רוקן מיט אגרויסן אימפעט אין טיפאוקראאינע], האט מען ארויס־געגעבן כללים וועגן דער גערעטעניש. פון די גראזן האט די רעגי־רונג צוגעזאגט העלפט דעם פויער, העלפט דעם פריץ, פון דער אראפגענומענער תבואה זאל צוויי דריטל קריגן דער פויער, א דריטל דער פריץ" א. אז. וו. (ז. 188).

אזוי האט מען פארענטפערט די אגרארפראגע "לייטיש און מיט יושר". מיט דער ארבעטערפראגע איז דאס צוגעגאנגען נאך ערגער. סאָקאָלאָוו גופא האט דאס געהאלטן פאר א פארפאלענער זאך. "מיט די ארבעטער איז די זאך געווען בא אונז גרינדליך פארפאלן. צופרידנשטעלן די ארבעטער האבן מיר ניט געקאנט... פשוט דערפאר, ווייל מיר האבן ניט געקאנט איינארדנען דאס לעבן... און דערצו נאך האבן מיר אויסגעשטעלט אויפן פויערטום, ניט אויף ארבעטער" (ז. 186). מיר האבן שוין געזעהן, וויאזוי מ'האט צופרידנגעשטעלט פויערים.

צולעצט נאך וועגן דער נאציאנאלער פראגע. ק. נ. סאָקאָ־לאָוו, וואס איז אין דער ערדפראגע געווען ראדיקאלער פאר זיינע קאלעגן־מיניסטארן, איז אין דעם פרט שטארק פארשטייפט: "מיט ווען מיר האבן זיך באמת געהאלטן פיינטליך שטענדיג און אָפן —, דאס איז מיט די אוקראאינישע פאליטישע גרופעס פון סאַמאָסטינע־פעטליורעס שניט (ז. 283). מ'וואלט געקאנט מיינען, אז מיט אנדערע, מעסיגערע אוקראאינישע פאליטישע גרופעס האט מען יא געפרובט קומען צו אהסכם. אבער סאקאלאוו לאזט ניט קומען צו אזא פאלשן טייטש. ער זאגט אָפן, אז "מיט אונזער צו גראַדער פאליטיק אין דער קליינרוסישער פראגע האבן מיר פארטריבן פון זיך אפילו די מעסיגע קרייזן אויך אין דער קליינרוסישער געזעלשאפט, וואס האלטן פון א פעדעראציע מיט רוסלאנד" (ז. 283). וואס פאר א פאליטיק דאס איז געווען, ווייסן שוין איצט אלע. אוקראאינע האט מען צעריסן אויף דריי באזונדערע ראַיאָנען (קיעווער, כאר־קאווער און ניירוסישער), און מ'האט דאס אפגעגעבן צו "רעגירן" דעם גענעראל דראגאָמיראָוו. און זיין רבי'ן וו. שולגין, דעם אלטן אוקראאינע־פרעסער, און שוין אין ערשטן נומער "קיעווליאנין" האט

שולגין דערקלערט: „יא, די דאזיגע געגנט איז א רוסישע... מיר וועלן איר ניט אפגעבן ניט די אוקראאינער פאר־רעטער, וואס האבן איר געמאכט צו שאנד, ניט יידן־תּלְיָנים, וואס האבן איר פארגאסן מיט בלוט". („קיעווליאנין N 1, דעם 21 אויגוסט, [3 סעפטעמבער] 1919). מ'האט אויסגעמעקט אפילו דעם נאמען אוקראאינע, ס'איז שוין ווידער „קליינרוסלאנד"! גענעראל דעניקין האט אין זיין אויפרוף צו די „קליינרוסן" זיי צו־געזאגט א „געאייניגט ניט־טיילעוודיג רוסלאנד" און „אקאַזיאָנע" רוסישע שול, די „קליינרוסן" מעגן האבן אן אייגענע שול אויף דער מוטערשפראך אויך, אויב זיי וועלן אזא שול... אליין אויסהאלטן מיט אייגענע מיטלען. קורץ — אוקראאינע האט מען אפגעווארפן צוריק צו ניקאָלאַי דעם 1־טנס צייטן פאר דעם בילדונגס־מיניסטער גראַף איגנאַטיעוו.

סאָקאָלאָוו ציהט אונטער די לעצטע שורה אונטער אזא פאליטיק און מוז מודה זיין דעם ביטערן סך־הכל: „ס'איז ניט גלאַט... די אינטעליגענץ געטרויט אונז נישט, ארבעטער זיינען פארביסן־פיינט־ליך, פויערים האבן אחשד" (ז. 168). פויערישער „חשד" — איז דא זעהר איידל געזאגט. פויערים זיינען מאסנווייז אויפגעשטאנען מיט געווער קעגן דער פרייוויליגער ארמיי. הינטער דער ארמייס רוקן האבן פויערים געשטיצט באלשעוויקעס, פעטליורישע און אנדערע אטאַמאַנען קעגן די פרייוויליגע. דערהויפט האט זיך געלאזט פילן דער אַנאַרכאָבאַנדיט מאַכנאָ, וואס „האט זיך ארומגעטראגן איבער דעם אויבערבאפעלערס [דעניקינס] טעריטאָריע, פלעגט איינעמען יעקאטערינאסלאוו, פלעגט פארכאפן די וויכטיגסטע אייזנבאן־סטאנציעס" א. אז. וו. (ז. 190).

אזוי האט אויסגעזעהן דער סאציאלער, פאליטישער קורס אין די הויכע פענסטער, וואו מ'האט געמאכט פאליטיק. אבער דער מאסע אפיצערן האט דער דאזיגער קורס אויך אויסגעזעהן צו זיין צו לינק, „קאַדעטיש". ס'איז געווארן „אפאליטישער ריס צווישן אים [דעני־קינען] און די אפיצערן — פרייוויליגע... גענעראל דעניקין האט זיך באוויזן „לינקער" פאר זיין ארמיי" (ז. 195). ק. נ. סאקאלאוו

פארכאפט זיך. ער מיינט, אז „ס׳וואלט געווען אומגערעכט האלטן די גארע מאסע אפיצערן פאר „רעאקציאנער" און „פריציש". ער מוז אבער מודה זיין, אז „דעם אקטיווסטן טייל [אפיצערן] איז פרעמד געווען יענער פארמעלער „ליבעראליזם", וואס מ׳האט אים קולטיווירט אין ראָסטאָוו און אין טאַגאַנראָג, טיילווייז מיט אן ערנסט, טיילווייז מיט אמיין" (ז. 195. געמיינט איז דא ליבעראליזם „פאר עקספּאָרט").[1]

אין איין פרט האבן ביידע צדדים געשטימט: ק. נ. סאקאלאוו זאגט קלאר, אז „די גאנצע מאסע, דערהויפט די מיליטערישע, איז געווען אנגעזאפט מיט אנטיסעמיטיזם" (ז. 103—104, אונזער קורסיוו).

בא אזא קורס און בא אזא שטימונג אין דער פרייוויליגער ארמיי ווערט אויסערסט וויכטיג דער פונקט וועגן „זשידעס" אין דער פראגראם. היות ווי די פראגראם איז פול מיט לעכער וועגן אנדערע פונקטן, דארף דער „זשיד" אין דער אגיטאציע דינען אין אלע נויטן. און דער „זשיד" דינט.

**פאגראם־אגיטאציע.** ווי נאר א טייל פרייוויליגע פארנעמט אשטאט, אזוי באווייזן זיך באלד אויף די ווענט באפעלן קעגן „זשידעס־קאָמיסאַרן". אפיצערן זאגן ריידעס אויף די פויערשע פארזאמלונגען („סכאָדן") קעגן זשידעס (פירשט אורוסאָוו אין באָבראָוויץ און אנד.), מ׳אַגיטירט קעגן „זשידעס" אויף אלע כלים. די העכערע מיליטערמאכט בלייבט אויך ניט הינטערשטעליג אקעגן דער קלענערער. אין קיעווער גובערניע, אשטייגער, האט מען ארויסגעלאזט אן „אויפרוף צו פויערים" וועגן מאָביליזאַציע, און דארט קלערט מען זיי אויף וועגן באָלשעוויזם אויף אזא שטייגער:

---

[1]) ק. נ. סאקאלאוו זאגט אָפן, אז דער גארער „ליבעראליזם", בפרט די ליבעראלע דעקלאַראַציע מערץ 1919 וועגן דער פרייוויליגער ארמייס צוועקן, איז געווען אן „עקספּאָרט־זאַך" (ז. 123). „די פארשטעהער פון דער אַנטאַנט בא דער הויפּטקוואַרטיר האבן געגעב צו פארשטיין די אויבערבאפעלער, אז מ׳מוז האבן אזא ליבעראלע דעקלאַראציע, כדי צו פארגלעטן דעם חשד וועגן אונזער רעאַקציאָנערישקייט" (דארט).

„נו וואס איז אזוינס פריהער געווען דער באלשעוויסטישער פירער,
טראָצקי? אגאר ניט, אַיידל לײַבע בראָנשטיין, וואס אלייטישער
מענש ווער אים אין שטוב ניט ארײנלאזן איצט אבער? אָ־האָ, איצט
איז ער אגרויסער פריץ, זיצט אין מאסקווע אויפן קיסר׳ס
אָרט״ („צו די פויערים וועגן מאָביליזאַציע״ — דעם 25 אקטאבער, —
7 נאוועמבער — 1919). דעם דאזיגן אויפרוף האט מען אויך אויס־
געקלעפט אין קיעוו, געדרוקט אין „קיעווליאנין״ און אין דער האלב־
אפיציעלער נאַראָדנאַיאַ גאַזעטאַ״: אין אפיציעלע רעלאַציעס וועגן
די קריגס־אפעראציעס טײַטן די שטאַבן אויף יידן, אז זיי שיסן
אין די פרייוויליגע, און דערפון נעמען זיך די מפלות (אין באָווי־
מגלין); אדער מ׳דערציילט, אז יידן פארנעמען אגרויס אָרט אין דער
רויטער ארמיי, און זיי שטעלן דעם שטארקסטן ווידערשטאנד קעגן
די פרייוויליגע. גענעראל ברעדאָוו טוט אויך דאסזעלבע, שטיצט
אויך די ווערסיע וועגן „יידישער שיסערײַ״, נאר פײַנער, האלב
פארשטעלט; און ער טוט דאס גראד די ערגסטע צייט פאר קיעווער
יידן, די טראגישע טעג 14—19 אקטאבער 1919. יענע טעג האט
מען זיך כידוע געשלאגן אין די גאסן אין קיעוו מיט אקליינעם
טייל באלשעוויסטיש מיליטער. אין שטאט האט מען געהאלטן אין
אײן העצן קעגן יידן, מ׳האט געגרייט א פאגראם און פאר דעם
צוועק האט מען ארויסגעלאזט קלאנגען, אז יידן האבן געשאסן אין
די פרייוויליגע. דעם 17—18 אקטאבער האבן די פרייוויליגע גובר
געווען, פארטריבן די באָלשעוויקעס, און דער פאגראם איז שוין גע־
ווען אין גאנצן ברען. אין אזא צייט לאזט גענעראל ברעדאָוו ארויס
א באפעל, לְפָנים קעגן פאגראָם (דעם 18/5 אקטאבער). אבער וואס
שטייט דארט? ער וויל בארוהיגן די „אויפגעבראכטע״ פרייוויליגע,
זאגט ער זיי אזוי: „פרייוויליגע! מוט אקעגן דעם שונא, און גראָד
צו דער פרידליכער באפעלקערונג, און אפילו צום ב ײ ג ע ק ו מ ע־
נ ע ם ש ו נ א, — דאס דארף זיין אייער צירונג״. ס׳איז ניט שווער
זיך אנצושטויסן, וועמען מיינט מען דא דעם „בייגעקומענעם שונא״
איצט אין קיעוו נאך אלעמען. אן אנדער אנגעזעהענער גענעראל,
מאמאָנטאָוו, מאכט דאס אָפענער, גראָבער. אין אן אויפרוף צו דער

באפעלקערונג אין די שטעט קאָזלאָוו, טאַמבאָוו און יעלעץ (סעפּטעמבער 1919) זאגט ער צו די פּויערים: „באוואפנט זיך און שטייט אויף קעגן דעם אלגעמיינעם שונא אויף דער רוסישער ערד, קעגן דעם יידן — דעם באָלשעוויק — דעם קאמוניסט. גאר אינגיכן וועלן מיר קאָנען פריי אפּאטעמען, פריי ווערן פון דעם יאָך פון טייוולשע הענט, וואס האבן אונז געשמידט פאר קנעכט, פארניכטעט אונזער גלויבן, אונזער קירך... זאל פארניכטעט ווערן די טייוולשע קראפט, וואס לעבט בא יידן — קאמוניסטן אין די הערצער.“[1])

צוויי פונקטן זיינען דערהויפּט באַליבט אין דער פּאגראמאגיטאציע: דאס איז: די רדיפות אויף דער פּראַוואָסלאווער קירך און די „טשערעזוויטשייַקע“.[2]) כלומרשטע רדיפות אויף דער פּראוואסלאווער קירך זיינען קונציג אויסגערעכנט פאַרן פינסטערן המון, פּויערים און שטאטישע, צו געווינען דעם רעליגיעזן פאנאטיזם. מיר האבן שוין געזעהן, וויאזוי גענעראל מאַמאָנטאָוו טוט דאס. דעם גענעראל טוט נאך דער פּאָלקאָווניק, דער באקאנטער סטרוק, ער זאגט אין זיינע פּראקלאמאציעס: „מ'פארמאכט קירכן, מ'טרעט אויף הייליגקייטן“ (אדעס, יאנואר 1920). „אלע הייליגע רופן אייך אין די שערענגעס, איר זאלט נויטן דעם טייוולשן שבט [ארמז וועמען מ'מיינט ב. ש.], ער זאל לאזן קריסטן פריי צו לעבן און צו גלויבן“ (קיעוו, נאוועמבער 1919).

די „טשערעזוויטשייקע“, וואס האט זיך שטארק פארהאסט געמאכט באם עולם, האט מען אויך אנגעווארפן יידן: נאך רדיפות אויף דער קירך איז דאס געווען דאס זיכערסטע מיטל אויפצורייצן די בלוטדורשטיגע אינסטינקטן, אפילו אין קולטורעלערע קרייזן אויך. ווילדע סצענעס

---

[1]) דער אויפרוף איז איבערגעדרוקט בא פּאלקאווניק מאַלאָן, דעפּוטאט פונם ענגלישן פּארלאמענט, אין זיין בוך „די רוסישע רעפּובליק“ (אויף ענגליש). אונזער טעקסט איז איבערזעצט פון ענגליש.

[2]) „טשערעזוויטשייקע“ אדער „טשעקאַ“ — איז פארקורצט פון די רוסישע ווערטער Черезвычайная комиссія по борьбѣ с контреволюціей, спекуляціей и т. д. דאס איז די פּאליטישע פּאליציי בא דער ראטנמאכט.

האבן זיך אפגעשפילט אין קיעוו די ערשטע טעג פאר די פרייוויליגע. ס'איז געגנוג געווען, עמיצער זאל אגעשריי טון: „אט ער גייט, אן אַגענט פון דער טשערעזוויטשייקע", אז מ'זאל כאפן אמענשן אין גאס און צערייסן אויף שטיקער. ניט וויייניג אומשולדיגע קרבנות זיינען אומגעקומען אויף אזא שטייגער. פאר דער וועלט האט מען ארויסגעגעבן באפעלן קעגן אזוינע ווילדקייטן, און אין דער זעלבער צייט האט מען אויסגעגראבן הרוגים, געעפנט פארשטעקטע הריגה־קעלערס, אמת'ע אדער אינסצענירטע, און ברייט דעמאָנסטרירט פאר דעם עולם די רדיפות פון דער „טשעקאַ". און די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו טייטן מיט די פינגער: יידן! מיר האבן שוין פריהער געזעהן, אז אין ערשטן ארטיקל, וואס שולגין האט געשריבן אינם באנייטן „קיעווליאנין", האט ער שוין אויסגעשטעלט יידן די „טשעקאַ": „יידישע תַּלְיָנים וואס האבן פארגאסן (דאס לאנד) מיט בלוט". די יידישע „טשעקאַ" איז געווארן דער פאפולערסטער מאָטיוו אין „קיעווליאנין" און אין דער פאגראם־אגיטאציע בכלל. ... „טראָצקי יאגט נאך ארום אויף אלע פראָנטן און מונטערט דעם בלוטיגן פלייס פון די פארייידישטע טשערעזוויטשײַקעס" (שולגין אין „קיעווליאנין" N 7 דעם 28/10 סעפטעמבער 1919). „די טראָצקיס, נאַכאַמקעסעס, די ראפעסעס, פירן אקאמף פאר גלייכבארעכטונג און פארמשפטן צום טויט מענשן נאר דערפאר, וואס זיי זיינען רוסן" (סאַווענקאָ אין „קיעווליאנין" N 1 דעם 21 אויגוסט – 3 סעפטעמבער – 1919) א. אזו. וו.

פאר פאגראמאגיטאציע בא דער פרייוויליגער ארמיי האט אבער ניט געפעלט קיין אנדער מאטעריאל אויך. אפילו פאגראמען נוצט מען אויך אלס באשולדיגונג קעגן „זשידעס" – קאמוניסטן. יידן גופא מאכן פאגראמען אויף זיך, כדי נאכדעם ארויפצווארפן די קלאָץ אויף די פרייוויליגע און זיי דיסקרעדיטירן. אזוי שרייבט נעיזשינער קאמענדאנט און בעט, מ'זאל אים „גלויבן, אז מייסטנס באטייליגן זיך אין די רויבערייען און רציחות טראָצקי־בראָנשטיינס, נאַכאַמקעסעס און אנד. געדונגענע מענשן". (באפעל N 11 פונם 25/12 סעפטעמבער 1919).

חוץ דער מיליטערמאכט פירן נאך פאגראמאגיטאציע פארשידענע אפיציעלע אינסטיטוציעס, דערהויפט דער „אָסוואַג"[1], (די ה' דער פראָפּאַגאַנדעאַמט), די האלבאפיציעלע פרעסע, פריוואטמענשן, גייסטליכע. אויף „אָסוואַגס" אנטיסעמיטישע אגיטאציע האט שוין די יידישע דעפוטאציע אנגעוויזן דעם גענעראל דעניקין אין דעם שמועס דעם 26 יולי (8 אויגוסט) 1919. זי האט דעמאלט דעמאנסטרירט דעם גענעראל אנטיסעמיטישע בלעטלאך מיטן נאמען: „ארבעטער, רויטעארמייער", „אלע, אלע", אין צענטר אוקראאינע, אין קיעוו, האט מען געמאכט פארן „אָסוואַג"־פירער דעם באקאנטן יידנפרעסער סאַווענקאָ, וואס האט זיך אגב קונה שם געווען אין ביילִיספּראָצעס.

ווילן מיר האבן אבאגריף, וואס „אָסוואַג" איז געווען, איז דארפן מיר ווידער אנקומען צום פילדערמאָנטן ק. נ. סאָקאָלאָוו: דאס איז ער געווען „אָסוואַגס" שעף און פירער. סאקאלאוו דערמאנט „מיט שטאלץ און צופרידן", אז אין אָסוואַג האבן געארבעט „אייניגע אנגעזעהענע קינסטלער, וויסנשאפטלער און שרייבער" (צווישן זיי, אגב, דער געוויסער ע. גרים, געוועזענער רעקטאָר פון פעטערבורגער אוניווערסיטעט; אויך ב. ענגעלגאַרדט, אגעוועזענער דומע־דעפוטאַט און קאמענדאנט פונם טאורישן פאלאץ די ערשטע טעג רעוואלוציע). דאך מוז ער מודה זיין, אז „בא אונז [דאס הייסט: אין „אָסוואַג"], דערהויפט אין דער פראווינץ, זיינען געווען אומוויסנדיגע ליידיגגייער און קאריעריסטישע פּאַראַזיטן. ס'זיינען אויך געווען מענשן מיט אגעמינערט געפיל פאר פאראנטווארטליכקייט, פעהיג אויף פארברעכן" (ז. 105). ספעציעל וועגן סאַווענקאָן, אלס אָסוואַג־שעף אין קיעוו, זאגט ער, זעהר אפגעהיט, אז די דאזיגע „באשטימונג האט אנגעמאכט אגרויסן רעש און איז געווען אפגעפרעגט פון אסך גרונדן וועגן" (ז. 174).

---

[1] פארקורצט פונם רוסישן „Освѣдомительное агенство" אספעציעלע אינסטיטוציע צו מאכן פראָפּאַגאנדע פאר דער פרייוויליגער ארמיי. שפעטער האט דאס געהייסן „Отдѣлъ пропаганды".

מ׳קאן זיך פארשטעלן, ווי אזוי די דאזיגע „לײַדיגגייער״, „פעהיג אויף פארברעכן״, האבן אויסגענוצט זייער פריווילעגירטע שטעלונג און „אויפגעקלערט״ די „דורך און דורך אנטיסעמיטישע״ באפעלקערונג און ארמיי. אין די אויפרופן איז „זשיד״ און „קאָמוניסט״ אֵיין זאך. אין די קינסטלערישע פלאַקאַטן מאלט מען די ראַטנמאַכט אזוי: אבלוטרויטער טייוול, מיט אגעשטאלט פון טראָצקין, הערשט איבער אפארקנעכטעט רוסלאנד, וואס איז פארגאסן מיט בלוט. וועגן קיעווער געשעהענישן דעם 14—19 אקטאבער פארעפנטליכט דער קיעווער „אָסוואַג״ אזא צירקוליארדעפעשע אין דער פראווינץ (פאַסטאָוו, לובני, סמילע, טשערינגאָוו און אנד. ערטער): „די אָרטיגע יידישע באפעלקערונג האט מיט איר אומרעגולערער שיסעריי די פרייווילי׳גע אין רוקן מיטגעהאלפן דעם באָגונער באָלשעוויסטישן פאָלק צו פארנעמען טיילווייז קיעוו... מיליטערארגאניזאציעס בא די יידישע פארטייען האבן געשאסן פון קוילנוואַרפערס, פון ביקסן, האבן געוארפן האנטגראַנאַטעס, האבן געגאסן זידוואַסער אויף די פרייווילי׳גע... באלד ווי די רויטע האבן פארנומען קיעוו, האבן זיי אנגעהויבן צו רויבן און מאכן פאגראמען... מחמת דעם, וואס יידן האבן זיך מאסנווייז באטייליגט אינם אנפאלן אויף קיעוו, און וואס אטייל ארטיגע יידן האבן געהאלפן די רויטע.... איז צו באמערקן בא דער קריסטליכער באפעלקערונג אשטארקע אויפרעגונג, וואס דער מאכט איז דאס שווער איינצושטילן״ — (צירקוליארדעפעשע; פּרעסביוראָ N 17 דעם 19/6 אקטאבער, צעקלעפּט אין אסך שטעט).[1]

דא רעדט זיך שוין ניט בלויז פון „יידישער שיסעריי״, דא האבן מיר שוין אשטיק יידישן אויפשטאנד קעגן די פרייווילי׳גע. און ווען איז דאס געזאגט געווארן? דאס איז געזאגט געווען דעם 19/6 אקטאבער, ד. ה. דעם טאג, ווען אין קיעוו גופא האט מען שוין אויפגעהערט צו גלויבן אין דער לעגענדע וועגן „יידישער שיסעריי״,

---

[1]) אין ארכיוו אין דער רעדאקציע פון די פאגראם-מאטעריאלן איז פאראן אגעדרוקטער עקזעמפליאר פון דער דאזיגער צירקוליארדעפעשע, וואס מ׳האט אראפגענומען פון אוואַנט אין אָסטיאָר (טשערניגאָווער גוב). איבער אפארזעהן פון דער צענזור, איז די דעפעשע געדרוקט געווען אין קיעווער יידישער צייטונג „די וועלט״.

און ווען גענעראַל ברעדאָוו, די העכסטע מאכט דעמאלט אין קיעוו, האט געראָטן מ׳זאל האבן „גנאד צום בייגעקומענעם שונא״!

דאס, וואס די מיליטערמאכט האט ניט געקאנט טון אָפן, האט זי דאס אויסגעפירט מיט פריוואטע גוטעפריינטס הענט. מיר האבן שוין געזעהן, ווי די מאכט האט געעפנט פארן עולם די טשעקאַ־קעלערס, און שולגין האט אין „קיעווליאנין״ געטײַט מיטן פינגער אויף „יידן־תּלִינים״. דאס איז דער ביטערער „תּשובה־כוס, וואס יידן דארפן אויסטרונקען ביזן גרונט״. טאג איין טאג אויס האט „קיעווליאנין״, דער וועגווייזער בא די פרייווילינגע, געפירט זיין גיפטיגע אגיטאציע קעגן יידן, און האט געהאלטן אין אײן איבערחזרן דעם איינציגן גרונטגעדאנק, אז יידן זיינען באלשעוויקעס, אז יידן זיינען בכלל געפערליך פאר רוסלאנד, און ס׳איז פאראן אײן עצה: זאלן זיי „עפנטליך תשובה טון״ אויף זייערע זינד אקעגן רוסלאנד און אוועקגיין מיט גוטן, ווארום אויב ניט —, וועלן זיי ערגער מאכן די פאגראמען, וואס די פרייווילינגע ארמײ מאכט, — דאס איז בא אים אין די אויגן ניט מער ווי א „שרעק־אינקוויזיציע״. דאס רוסישע פאלק שרעקט דערמיט יידן, וואס האבן „צעשטערט״ זיין מלוכה, און ס׳טוט רעכט אזוי. מיט גרויס טאלענט באשרייבט ער די דאזיגע שרעק, די „אוממענשליכע קולות״ אין דער באנאכטיגער אֵימה (איננס פריהער ציטירטן ארטיקל); ער האט אבער גאר ניט אויסצוווארפן די „מענשן מיט שפּיזן״, וואס טוען דאס, און זייערע גייסטיגע פירער. פארקערט, זאלן זיך יידן פארענטפערן. „די רוסישע באפעל־קערונג —, אזוי ענדיגט ער זיין ארטיקל —, הערט זיך צו צו די דאזיגע שרעקגעשרייען... און קלערט זיך זיינס: צו וועלן זיי [יידן] פאר־שטיין, וואס הייסט חרוב מאכן אמלוכה, וואס הייסט וועלן אויספירן גלייכבארעכטונג פאר יעדערפרייז? צו וועלן זיך יידן שלאגן עַל חֵטא, באשיטן דעם קאפּ מיט אַש און תשובה טון פאר דער גאנצער וועלט דערפאר, וואס בני יִשְרָאֵל האבן זיך אזוי אומגליקליך בא־טייליגט אינם באלשעוויסטישן שֵדים־טאַנץ?״ — אזוי בארעכטיגט שולגין די פאגראמען און לייגט פיר די „בני־ישראל״ איינס פון די צוויי: אדער זיי זאלן „תשובה טון״, דאס הייסט, זיי זאלן מאראליש

בארעכטיגן די פאגראמען, וויי‏ניגסטנס די פאגראמען, וואס פאר דער „תשובה״, אדער די „שרעק־אינקוויזיציע״, ד. ה. פאגראמען אָהן אסוף. אסך מאל חזרט ער איבער די דאזיגע פאדערונג. יידן זאלן „תשובה״ טון, יידן „זאלן מיט די אייגענע הענט אויסרייסן פון צווישן זיך יענע יידן, וואס מיט זיי האבן זיך געשפייזט ביידע רעוואלוציעס״ („קיעווליאנין״ N 38, דעם 22 אקטאבער — (5 נאוועמבער) 1919 און אנד.). מיר האבן שוין געזעהן בא קאזאקן די מעטאדע „היינגען אויף אנצושרעקן״, ווען מ׳וויל עפיס ארויסבאקומען באם יידן. דאס מאל אבער איז די דאזיגע מעטאדע אריבער פון דער פאגראמפראקטיק אין דער פובליציסטיק און אין דער פאליטיק, געווארן אגאנצע אידעאָלאָגיע.

דאס איז די פאָגראָמטעאריע בא דעם אידעאָלאָג פון דער פרייוויליגער ארמיי. און זיין צייטונג „קיעווליאנין״ איז בא דערדאזיגער ארמיי געהויכט און געקרוינט, מ׳גיט דער צייטונג ספעציעלע פרייווילעגיעס פאר פרייער צירקולאציע, מ׳טיילט זי אין דער ארמיי. שולגין איז ניט אֵיינער. דאס אייגענע טוט אויך קיעווער מיטראָפאָליט אַנטאָני, דער עניוותדיגער פאטער פון דער פראַוואָסלאַווער קירך. ער גופא דערציילט, וואס ער האט געענטפערט איידישער דעפוטאציע, וואס איז געקומען צו אים בעטן וועגן פאגראמען: „פארשטעהער פון דער יידישער געזעלשאפט האבן מיר געבעטן, איך זאל פארעפנטליכן אן אויפרוף קעגן פאגראמען, דארויף האב איך זיי פירגעלייגט, זאלן זיי זיך פריהער ווענדן צו זייערע גלויבנסברידער, אז יענע זאלן פאַסירן אלע באלשעוויסטישע אינסטיטוציעס״ (געזאגט אין א אינטערוויו אמיטארבער פון „קיעווסקאָיע עכאָ״, N 42—47 דעם 28 אקטאבער — 10 נאוועמבער — 1919).

בא די פאגראמטעארעטיקער, בא די מיליטערישע ווי בא די פאליטישע, לערנען זיך די פראקטיקער אויף אן ארט, די אלע קאמענדאנטן, גארניזאנבאפעלער און דעסגלייכן, וואס די יידישע באפעלקערונג ליגט בא זיי אין האנט. „איר ליידט אזעלכע 14 טעג, וויפיל האבן מיר געליטן פון אייך די גאנצע צייט? ארויסט!״ — דאס איז דער ענטפער, וואס פאָלקאָווניק קאַרפאָוו, גאַרניזאָן־

באפעלער אין באָריספאָל, גיט איידישער דעפוטאציע, ווען יענע קומט צו אים מיט אמתנה" (30 טויזנט רובל) און מיט תחנונים, ער זאל אסוף מאכן צום צווייוואכעדיגן פאגראם. סוף כל סוף מוז מען קומען צום אויספיר, אז אינם גארן טעארעטישן קאמף קעגן יידן —, איז צו הערן דאס איינציגע אויפריכטיגע, אפענע ווארט גראד באם "ערֶב־רַב", בא דעם פשוטן קאזאק, וואס זאגט אין באָגאָדוכאָוו: "יידן דארף מען אויסקוילן". און אז מ'פרעגט אים: פארוואס? ענטפערט ער בתמימות: "פאר זשידעס דארף מען קיין שום תירוץ ניט".

אזוי זעהן מיר, ווי בא דער פרייוויליגער ארמיי ציהען זיך פעדעם פונם קריגסשטייגער (אדעמאראליזירטע ארמיי, וואס לעבט פון רויב) צו איר קריגספראגראם (דער קאמף קעגן באל־שעוויקעס), דער בריק איז דא דער "זשיד". די פראגראם, וואס אין בעסטן פאל (אויב מ'זאל איר גלויבן) איז זי ניט אימשטאנד גובר צו זיין דעם שטייגער, פארבונדט זיך מיטן דאזיגן שטייגער, ווערט מיט אים איינס. דער פארבונד לוינט פאר ביידע צדדים. די פראגראם גיט דער שטייגער אהעלגעפארבטן פיינט: ס'איז שוין נישט דער רויטער ארמייער אין גרויען מאנטל, נאר דער ייד אין דער קאפאָטע. די פראגראם גיט אויך דעם שטייגער דאס "רעכט צו הוליען 3 טאג". פאגראמען אויף יידן ווערן דא אידייאיש בארעכטיגט: דאס איז שוין אקאמף קעגן באלשעוויקעס. אקעגן קריגט די פראגראם באם שטייגער אשטילע גאראנטיע, אז ס'וועט ניט אנגערירט ווערן "דער אייגענער, דער רוס", ווארום, ניכר, אים לאזט זיך "ראטעווען" בלויז דאן ווען מ'וועט אים ניט אנרירן באם בייטל. און דערמיט וויל מען אים קויפן, דעם "אייגענעם"; ווייניגסטנס, ער זאל שווייגן.

## די פרייוויליגע ארמיי, און איר פראגראם אין דער יידנפראגע.

זאכן האבן זיך זייער לאָגיק; די דאזיגע לאגיק האט געפאדערט, אז די פאגראמאידעאָלאָגיע זאל פארטיפט ווערן. פאגראמען — דאס איז אַ פּרַט, און דער געדאנק האט געצויגן צום כלל, צו'ן אסיסטעם, וואס זאל באנעמען די יידנפראגע אינם גאָרן פארנעם. ווארום ס'איז קלאר: אויב יידן

זיינען גלייכבארעכטיגטע בירגער, דאן זיינען פאגראמען אן אוממיג־ליכע זאך. פאגראמען אויף יידן הייסט —, אז פאר יידן גילט ניט קיין געזעץ, אבער אזוינס איז ניט מיגליך, אויב יידן זיינען גלייכבארעכטיגט, ד. ה. אויב זיי זיינען „געזעצליך געשיצט" מיט אלעמען גלייך. די דאזיגע סחורה האט מען געמוזט אפראמען פון וועג; איינס פון די צוויי: אדער גלייכבארעכטונג, אדער פאגראמען. די פרייוויליגע ארמיי האט דא געקאנט האבן נאר איין ענטפער! מיר האבן שוין געזעהן אינם פריהער דערמאנטן ארטיקל „שרעק־אינקוויזיציע", ווי אזוי שולגין פארט באלשעוויזם, גלייכבארעכטונג און פא־גראמען. בא שולגינען קומט אויס, אז באלשעוויזם, ד. ה. (לויט זיין געדאנק) „חרוב מאכן די מלוכה", — דאס איז איידישער אויפטו קעגן רעכטלאזיגקייט. מיט באלשעוויזם זיינען יידן אויסן, צו „דער־לאנגען גלייכבארעכטונג פאר יעדער פרייז". אקעגן, אבער פא־גראמען — דאס איז רוסלאנדס זעלבסשוץ; דערמיט וויל רוסלאנד אפוועגדן פון זיך די גְזֵרָה, יידישע גלייכבארעכטונג. דא בעט זיך שוין דער אויספיר: צוריק אויפשטעלן רוסלאנד איז מיגליך נאר דערמיט, וואס מ'זאל צעשטערן יידישע גלייכבארעכטונג. שולגין פארטייטשט דעם דאזיגן געדאנק אין אסך ארטיקלען. „ס'איז פאראן —, זאגט ער, — ליטישע יידן און שלעכטע יידן... שלעכטע יידן פארשטייען מיר אזוינע, וואס פארנעמען זיך מיט פאליטיק. אין פאליטיק האבן יידן באוויזן, אז זיי קאנען בלויז מאכן אַוויסטן חורבן, ניט מער. פון לייטישע יידן ווילן מיר האבן, אז זיי זאלן איינריידן זייערע זין, זייערע ברידער, זיי זאלן זיך ניט פארנעמען מיט קיין פאליטיק אין רוסלאנד" („קיעווליאנין" N 63, דעם 21 נא־וועמבער — 4 דעצעמבער — 1919). דאס אייגענע הערן מיר אויך בא שולגינס תלמיד, דעם באוואוסטן סאַווענקאָ, און בא אנדערע.

ניכר אבער, שולגין גופא גלויבט ניט, אז „לייטישע יידן" זאלן האבן אזויפיל פארשטאנד און זאלן אים פאלגן. דאריבער גיט ער דער מאכט אפארטיגע פראגראם, וויאזוי צו ברייגגען יידן צום שכל: „מ'דארף נויטן יידן אוועקצוגיין פון אלע ערטער, וואס זיי קאנען דאָרט שאדן ברייגגען דער רוסישער מלוכה, וואס האלט אין

אויפלעבן. ס׳טאר ניט זיין קיין יידן אפיצערן, באאמטע, ריכטער. מ׳דארף זעהן, ס׳זאל ניט זיין קיין יידן ראטמענער און קיין באאמטע אין די זעמסטוועס. אין די מַאגיסטראַטן („קיעוואליאנין״ N 41 דעם 25 אקטאבער — 7 נאוועמבער — 1919). פארשטייט זיך, אז די מאַכט האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטן מיט אויספירן איר וועג־ווייזערס פראגראם. דאס איז געטאן געווארן אפילן אין דעם סדר אויך, ווי שולגין האט דאס געראטן; ניט מער וואס אין געוויסע פאַלן האט זיך די מאכט אליין געכאפט פריהער פאר שולגינס עֵצות.

אנגעהויבן האט מען פון יידן אפיצערן. די פרייוויליגע יידן אפיצערן האט מען אהן קונצן ארויסגעווארפן פון דער ארמיי; בא די מאביליזאציעס האט מען זיי ניט גענומען. אזוי האבן געהייסן די העכערע מיליטערפירער; גענעראל מאַי־מאַיעווסקי און אנד. אין דעם מעמאראנדום, וואס די יידישע דעפוטאציע האט דערלאנגט דעם גענעראל דעניקין (בא דעם אויפנאם דעם 26 יולי — 8 אויגוסט — 1919), קאן מען געפינען וועגן דער מעשה אַ אינטערעסאנטן פאקט: „אין כארקאוו איז געווארן אמיליטערטייל פרייוויליגע, אויף העלפט פון יידן. דעם דאזיגן טייל האט מען געשיקט אין דעם געמישטן שיסערבאַטאַליאָן. הינטער זאָלאָטשעוו האט דער באַטאַליאָן גוט אויסגעפירט אפארגעבענע אָפעראַציע. אבער דעמזעלבן טאג האט מען די יידן אויסגעטיילט פונם באטאליאן און זיי אפגעשיקט אהיים ביז ס׳וועט זיין אמאביליזאציע״. גענעראל דעניקין, ווען די דעפוטאציע האט דאס אים דערמאנט, האט דארויף אזוי געענטפערט: „איך האב דאס פירגעהאלטן דעם גענעראל מאַי־מאַיעווסקי, אבער בא זיך האב איך געוואוסט, אז אנדערש האט ער ניט געקאנט האנדלען. צולעצט האב איך גופא געהייסן, מ׳זאל יידן — אפיצערן געבן אפשייד אין רעזערוו״. די סיבה איז —, וואס די ארמיי וויל ניט ליידן קיין יידן. פאר גענעראל דעניקין און פאר אנדערע גע־נעראלן איז דאס אלץ אבער קיין מניעה ניט געווען צו מאָביליזירן יידן־סאלדאטן. ווארום מיר ווייסן שוין פון שולגינס פראגראם, אז די געפאר שטעקט בלויז אין יידן־אפיצערן, ד׳ ה׳ אין יידישע רעכט, אבער ניט אין סאלדאטן, ד׳ ה׳ אין פליכטן.

נאָך דעם האט מען גענומען רייניגן די מאגיסטראטן פון יידן ראטמענער. דעם 17/4 אויגוסט, אשטייגער, האט גענעראלמאַיאָר שיפנער־מאַרקעוויטש ארויסגעגעבן זיין ערשטן באפעל צום גאַרניזאָן אין טשערקאַס, אינם באפעל שטייט אזוי:

„§ 1. היינטיגן טאג האבן קובאַניער קאזאקישע מיליטערטיילן פארנומען טשערקאַס, און די שטאט ווערט באַהעפט מיט דער טערי־טאריע פון דעם געאייניגטן ניט־טײַלעוודיגן רוסלאנד.

§ 2. איך הייס, אז באלד זאל זיך פארזאמלען די שטאט־אופראַווע אין דעם צוזויפשטעל, וואס זי האט געהאט פריהער פאר דער באלשעוויסטישער איבערקערעניש, חוץ באלשעוויקעס און יידן."

דאס זעלבע טוט אין קרעמענטשוג גענעראל אָסאָווסקי (באפעל נומער 1). דער חלוק איז נאר דער, וואס ער הייסט ארויסווארפן יידן ניט בלויז פון דער „אופראווע" נאר פון דעם מאגיסטראט (שטאטדומע) אויך, און ער גיט אָן דעם טַעַם: „כדי צו בארוהיגן די באפעלקערונג". דאס אייגענע ווערט געטאן אין ניעזשין און אין אנדערע שטעט. יידן שליסט מען אויס פון די קאנדידאטן. צעטלען אין דער שטאטאופראַווע אין בעלאַ־צערקאוו, אין קיעוו. ווי אזוי מ'איז געווען ערנסט באזארגט, מ'זאל אויסראמען יידן פון די מאגי־סטראטן, לויט שולגינס פראגראם, דאס באווייזט די געשיכטע מיט איידן לאדיזשנסקי, אגליד פון דער קיעווער שטאטאופראווע. אנ־געהויבן האט זיך דאס דערפון, וואס מ'האט דערלאנגט דעם גובער־נאטאר טשערניאַווסקי צו באשטעטיגן א צעטל, מייסטנס אַלטע אופ־ראַוועגלידער, מיט לאַדיזשענסקין אין דער מיט, (אגב, אַ אינזשע־ניער, א פאכמאן אין שטאטווירטשאפט). דער גובערנאטאר האט ניט געוואלט באשטעטיגן לאדיזשענסקין, די איבעריגע קאנדידאטן קריסטן האבן ניט געוואלט נאכגעבן. פון דעם לאנגן סכסוך איז מען ארויס מיט אַקאָמפראָמיס: לאַדיזשענסקי זאל לְפָנִים קראנק ווערן, ממילא קאן ער ניט ארײַן אין דער אופראַווע. נאכדעם איז געווען א צייט, ווען ס'האט אויסגעוויזן, אז מ'מעג שוין ארייננעמען לאַדי־זשענסקין; די אופראווע האט אנגענומען וועגן דעם אבאשלוס און

צוגעשטעלט דעם פּראָטאָקאָל טשערניאַווסקין. טשערניאַווסקי האָט געהאַט דאָס רעכט, ביז אַ געוויסן טערמין, נישט צו באַשטעטיגן דעם פּראָטאָקאָל. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן, בכן האָט מען געהאַלטן, אַז ער האָט שווייגענדיג באַשטעטיגט לאַדיזשענסקין פאַר אַן אומפּראַוועגליד. דאַ האָט זיך אומגעריכט אַריינגעמישט גענעראַל דראַגאָמיראָוו אַליין, ער האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרייַנגען באַפעל: „לאַדיזשענסקין, דעם גליד פון דער שטאָטאויפּראַווע, באַזייטיג איך פון זיין אַמט" א. אז. וו. (דעם 28/15 אָקטאָבער 1919).

דער דאָזיגער הויכגעשטעלטער אויבערבאַפעלער, וואָס האָט געהאַט צו שאַפן איבער אַלע ציווילע און מיליטערישע אָנגעלעגנהייטן אין אַ דריטל אוקראַאינע, האָט דאָך געפונען צייט און אינטערעס אומצוקוקן זיך אויף קלענערע יידישע זאַכן אויך. ס'איז געווען אַפּאַל, אַז פון דער שטאַבּדרוק האָט מען אָפּגעזאָגט 4 אַרבעטער יידן (פאַר זייער יידישקייט). דאָס צענטראַלביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט אָנגעוויזן דעם קאָמענדאַנט, אַז ס'איז ניט געווען קיין שום גרונט זיי אָפּצוזאָגן. דאַרויף האָט גענעראַל דראַגאָמיראָוו שאַרף אָנגעשריגן אויפן צענטראַלביוראָ און מתרה געווען, אַז נאָך אַמאָל וועט ער פאַר אַזאַ „חוצפה" שטעלן דאָס ביוראָ פאַר אַ פעלדגעריכט (דעם 20/7 נאָוועמבער 1919).

אַזוי האָט מען אויסגעפירט שולגינס פּראָגראַם. מ'האָט סיסטעמאַטיש אָפּגעוואָרפן יידן צוריק צו דער רעכטלאָזער קנעכטישער לאַגע, וואָס צו ניקאָלאַיס צייטן; פריהער צעטרעטן מיט די פיס. דערנאָך זיי געשמידט אין קייטן. בא דעם „ערב־רב" אין די אויגן זיינען יידן נאָך נישטיגער געוואָרן. — יידן זיינען אַראָפּגעפאַלן באַ זיך, „דער ערב־רב" האָט זיך געהאַלטן נאָך מער פאַרריסן. ווי באַלד פאַר יידן איז ניט גילטיג דער בירגער'געזעץ. יידן זיינען מחוץ למחנה, בפרט נאָך בא דעם קריגסשטייגער פון דער פרייוויליגער אַרמיי, האָט דאָס ניט באַדאַרפט קיין סך האָבן, אַז פאַר יידן זאָל ווערן אויס גילטיג דער געזעץ פון מענשליכקייט. יידן זאָלן ווערן הפקר. יידישע רעכטלאָזיגקייט איז געוואָרן די מאָראַלישע און פּאָליטישע באַרעכטיגונג פאַר אַזאַ הפקרות; אַן אַלטע געשיכטע, וואָס

חזרט זיך איבער אלע צייטן בא אלע פעלקער. אזוי האט זיך פאר־קיַיטלט אגאנצע קיַיט סִבּות און אויספירן:

1. „ביז גאר געפאלענע מענטשן", אווילדן עֶרֶב־רַב.

2. וואס שפייזט זיך „אויף וואלענשטיינס שטייגער", ד. ה. וואס לעבט פון גְזֵלות און רציחות.

3. האט מען געשטעלט דעם צוועק צו קעמפן קעגן באָלשע־וויקעס, ד. ה. קעגן „זשידעס" („זשידעס" און באלשעוויקעס איז דא אלצאיינס);

4. וואס זיי (יידן) זיינען מחוץ למחנה, אויסגעשלאסן פונם בירגער־געזעץ און דעם בירגערלעבן.

5. דאס זאל געטאן ווערן צו ראטעווען רוסלאנד און די פּראַוואָ־סלאווע קירך.

בכן מוז מען קומען צו'ן איַין אויספיר: „הַרגע יידן, ראטעווע רוסלאנד!" קיין אנדער וועג איז ניטא.

## דער קאמף קעגן פאגראמען.

צי האט מען גארניט געפרובט קעמפן קעגן פאגראמען? פארמעל, געוויס יא! די מיליטער־באפעלער אין די שטעט קאנען אייך ווייזן א בארג באפעלן, וואו ס'איז געזאגט, אז מ'טאר ניט אנרירן די פרידליכע באפעלקערונג, יידן אויך ניט, און מ'איז מתרה, אז מיט פארברעכער וועט מען זיך באגיין לויט די שטריינגסטע קריגס־געזעצן, מ'וועט שיסן אויפן אָרט. קוקט מען זיך אבער צו צו דעם דאזיגן אַרט קאמף, אזוי זעהט מען באלד דעם אמתן ווערט זיינעם. מיר האבן שוין געזעהן, אז אפיצערן (צווישן זיי העכערע אויך) האבן זיך באטייליגט אין די פאגראמען מיט סאלדאטן און קאזאקן גלייך; אפטמאל זיינען אפיצערן גאר געווען די אנהויבער און די פירער. די אפיצערן, וואס האבן דאס ניט געטאן מיט אייגענע הענט, האבן דאך דא געהאט צושטעקן: מ'האט זיך געטיילט מיט פּאָגראָמשטשיקעס. פון „קאנטריבוציע" שוין נישט צו ריידן. קאמענדאנטן און גארניזאן־באפעלער, וואס זיי האבן דאס באדארפט דירעקט קעמפן קעגן פא־גראמען, האבן געהאלטן אין איַין רייסן „קאָנטריבוציע" פאר „פאר־היטן די ארדנונג", ד. ה. פאר ארויסגעבן באפעלן. וואס דארף מען

נאך מער, ווי סאקאלאוו׳ס מעשה, וואס ער דערציילט פון די „שווערע קאפיטאלן״ און פון „אַצוג אריז, געלאדן מיט מאנופאקטור און אנדערע זאכן״, וואס ער האט געזעהן אין ראָסטאָוו בא איינעם א „באַליבטן מיליטערפירער״!

צי האבן די מיליטערבאפעלער אויף אן אָרט געקאנט אויפריכטיג קעמפן קעגן פאגראמען, בעת זיי האבן גוט געוואוסט, אז דערפון שפייזט זיך די ארמיי און זיי גופא האבן אין דעם געהאט חלק? דא קאנען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. דערפון נעמען זיך די צביעות, וואס שטעקט אין די אלע באפעלן, און דאס ניט־פאלגן אויך. די קאזאקן האבן אויך פארשטאנען, וואס מ׳מיינט דערמיט. ס׳איז גענוג זיך צוצוקוקן צו דער געשיכטע פון אפאגראם און צום „קאמף״ קעגן אים כאטש אין איין שטאט, אז די זאך זאל קלאר ווערן ביז גאר.

די פריווילעגיע האבן פארנומען טשערקאַס דעם 17/4 אויגוסט 1919, און דעמזעלבן טאג האבן זיי דארט געמאכט אפאגראם, וואס האט זיך געצויגן 3 טאג און האט געבראכט 150 הרוגים, אסך פארוואונדעטע, געשענדעטע א׳ אז. וו״. פון בארויבטע שוין נישט צו ריידן. די ארטיגע מיליטערמאכט כאפט זיך דאס ערשטע מאל וועגן פאגראם דעם 19/6 אויגוסט, ד. ה. אויפן דריטן טאג. דער קאמענדאנט סאָטניק גאָלאָווק גיט דאן ארויס א באפעל (N 3); צווישן אנדערע זאכן ווערט דארט דערמאנט וועגן פאגראם אויך: „§ 4 מ׳האט מיר דערלאנגט אסך אנקלאגן, אז קאזאקן כלומרשט רויבן; אין דער אמתן אבער שטעלט זיך ארויס, אז רויבן רויבט די ארטיגע באפעלקערונג. איך בין מתרה, אז אלע, וואס מ׳וועט זיי כאפן בא דער האנט, וועט מען אהן רחמנות שיסן״. אָפיציעל, הייסט דאס, נעמט מען דא אראפ יעדע פאראנטווארטליכקייט פון די קאזאקן און אפיצערן, ד. ה. פון די אמתע שולדיגע אינם פאגראם, און יענע מעגן שוין טון זייער זאך ווייטער, אומגעשטערט. אין 3 טאג ארום (די געוויסע „3 טאג״!), ווען די הויפטארבעט איז שוין אפגעטאן, ווערט דער פאגראם ממילא קלענער, ס׳טוט זיך דער באקאנטער „שטילער פאגראם״, רויבערייען און רציחות הערן ניט

אויף קיין איין טאג ניט; מ׳באפאלט יידישע הייזער, כלומרשט זוכט מען געווער. די מיליטערמאכט דערמאנט זיך ווידער אינם פאגראם, נאר שוין אין אסך א געלאסענערן טאָן. דער נייער שטאט־קאמענדאנט, פּאָרוטשיק וואַסיליעוו, גיט ארויס א באפעל (N 1, דעם 21/8 אויגוסט), און דארט שטייט, צווישן אנדערע זאכן, אזוי:

„§ 4 הויזרעוויזיעס אויף אייגן באַראַט [אָהן אַן אָרדער] זיינען שטריינג פארווערט. ווער ס׳וועט ניט פאלגן דעם דאזיגן פונקט, מיט דעם וועט מען זיך באגייען אזויווי מיט ארויבער.

§ 5. איך בעט העלפן דעם באפעלער פון דער שטאטשמירה אינם קאמף קעגן רויבער און אנדערע באנדיטן; מ׳זאל זיי [די רויבער] פארהאלטן און צושטעלן צו מיר“.

ניכר אז דער דאזיגער באפעל מאכט ניט מער רושם, ווי די ערשטע צוויי, ווארום אויף מארגן רעדט די מיליטערמאכט ווידער וועגן דעמזעלבן. דאס מאל טוט דאס דער גארניזאנבאפעלער, קאפיטאן יאַקאָוולעוו, און ער איז אויסן ניט צו שרעקן די באנדיטן, נאר מוסר זאגן און באשולדיגן די געשלאגענע. אין באפעל שטייט אגב אזוי: „איך האב שוין געהאט באפוילן דער באפעלקערונג, זי זאל אפגעבן דאס געווער, קרוינישע קליידונג, קרוינישע זאכן, אנשטאט, מ׳זאל דאס טון מיט אמאל... איז פארקערט, מ׳באהאלט אויס דאס געווער און דאס (קרוינישע) פּארמעג, און איבער דעם מוז דאס ממילא קומען צו רעוויזיעס אין די הייזער“ (באפעל N 2 צו דעם טשערקאַסער גאַרניזאָן, דעם 22/9 אויגוסט).

נאכדעם ווי מ׳האט אזוי אָפן רייניגעוואשן די „רעוויזיע־מאַכער“, ד. ה. די פאגראמשטשיקעס, מעגן שוין יענע זיכער טון, וואס זיי ווילן. און זיי טוען דאס אזוי, אז שוין אין עטליכע טאג ארום מוז זיך די מיליטערמאכט ווידער נעמען פאר דער פען. דער נייער גאַרניזאָנבאפעלער, קאַפּיטאַן שימקעוויטש, מוז שוין אנקומען צו שארפע רייד: „די פרייוויליגע ארמיי — אזוי שטייט אין זיין מעל־דונג —... פארטרייבט די באלשעוויקעס, די מאוסע רויבער און גוואלדטוער, און ברייגנט רו און זיכערקייט פאר אלע בירגער גלייך, צו וואס פאר אנאציע זיי זאלן ניט געהערן. אבער ס׳האט דערלאנגט

צו מיר, אז אין איינינע שטאטראַיאָנען קומען פיר אָנפאלן און רויבערייען ... איך, גארניזאָנבאפעלער אין טשערקאַס, וויל אויס־ראטן מיטן ווארצל אזוינע באלשעוויסטישע שטיק, און גיב צו וויסן דער באפעלקערונג, אז איך האב פירגענומען די שטריינגסטע מיטלען צו פארהיטן די בירגערס פערזענליכע זיכערקייט און פארמעג. אזוינע, וואס מ'וועט זיי כאַפּן בא דער האנט, וועט מען אָהן רחמנות שיסן" (א "מעלדונג" דעם 16/13 אויגוסט).

משמעות, אז פאר די שארפע רייד און פאר די "מיטלען" האט מען זיך קנאַפּ דערשראקן, ווארום דער "שטילער פאגראם" הערט ניט אויף. און אין אשטיקל צייט ארום מוז דער נייער קאמענדאנט, גוואַרדיעפּאָלקאָווניק כריסטאָפּאָראָוו, ווידער אנהויבן פון דאס ניי־זעהט אויס, אז ער פארלאזט זיך נישט אויף זיין אויטאריטעט, ווארום ער נעמט שוין צו הילף א בעפעל פונם אהעכערער מאכט, פונם גענעראל סלאשטשעוו, אויבערבאפעלער אין גאנצן ראַיאָן, דער באפעל איז בכלל אויסן די פויערשע אויפשטאנדן און ספעציעל מאַכנאָס באנדעס; דארט שטייט אגב אזוי:

"מ'האט מיר געהייסן געבן דער באפעלקערונג די מיגליכקייט רוהיג צו לעבן, און איך וועל דאס אויספירן. פאר רציחות קעגן דער פרידליכער באפעלקערונג וועל איך אפענטפערן אויך אזוי... אויף העלפט טו איך ניט"... (באפעל N 19, דעם 30 אקטאבער— 12 נאוועמבער 1919).

ס'העלפט ניט דעם גענעראלס בייזערן זיך אויך. דערצו האלט דאס שוין ערב דעם סוף: די פרייוויליגע ארמיי הויבט אן אפצוטרעטן אויפן גאַרן פראנט, און ס'הויבן זיך ווידער אן מאַסנרויבערייען און רציחות. — דערזעלבער כריסטאָפּאָראָוו מוז אין אחודש ארום ווייטער זיך אומקערן צו דעמזעלבן און שרעקן (דאס וויפילטע מאל?) מיט "שיסן אויף אן ארט". "די לעצטע טעג —, אזוי שטייט אין זיין באפעל —, זעהט מען ווייטער מאסנרויבעריין, דערהויפט בא דער יידישער באפעלקערונג; ס'טוען דאס מענשן, אנגעטאן אין דער מיליטערפארם פון די פרייוויליגע. איך בין טיף איבערצייגט, אז די דאזיגע רויבער געהערן ניט אייגנטליך צו דער פרייוויליגער ארמיי...

דאס איז געוויינטליכע באנדיטן רויבערי, וואס האבן זיך איבער־געטאן אין א מיליטערפארם מיט א פראוואקאטארישן צוועק צו פאר־פלעקן די ערליכע קעמפער פון דער פרייוויליגער ארמיי. דעריבער הייס איך... אָהן רחמנות שיסן אויף אָן ארט" (באפעל N 20, דעם 27 נאוועמבער—10 דעצעמבער 1919).

כריסטאָפאָראָוו זאגט נאך צו אינם זעלבן באפעל, צו "מעלדן אין דער עפנטליכקייט וועגן אלע געשאסענע". אזא צעטל געשאסענע האט קיינער ניט געזעהן. און ס'איז קיין חדוש ניט, ווארום דער אמתער צוועק פונם באפעל איז קלאר: מ'איז דא אויסן ריינוואשן די אמת'ע שולדיגע, קאזאקן און אפיצערן, און ארויפווארפן די קלאָץ אויף באלשעוויקעס, ד. ה. לויט דער פרייוויליגשער שטה, אויף יידן גופא; אמעטאדע, וואס איז אונז שוין באקאנט פון נעזשין (זעה פריהער) און פון אנדערע ערטער.

קוקט מען זיך צו צו דידאזיגע באפעלן, וואס מיט קליינע וואַריאַציעס חזרן זיי זיך איבער כמעט אין יעדער שטאט, אזוי מוז מען אומפארמיידליך קומען צו'ן אזא אויספיר: די ארטיגע מיליטער־מאכט גיט ארויס אזוינע באפעלן מיט דעם צוועק: 1) ריינצוּוואשן די אמת'ע שולדיגע, ד. ה. די ארמיי (אגב צו פאַרשווארצן די באל־שעוויקעס), 2) האלטן שטאַט אקעגן דער העכערער מיליטערמאכט, 3) צוליבטון יידן פאר דער "קאָנטריבוציע".

אזוי האט די ארטיגע מיליטערמאכט געקעמפט קעגן פאגראמען.

אבער וואס האבן געטאן די העכערע מיליטערפירער? די העכערע מיליטערפירער האבן זיכער פארשטאנען דאס, וואס שולגין האט נביאות געזאגט, ד. ה. אז "אזא ארמיי וועט לאנג ניט האלטן", זיי האבן געמוזט פארשטיין. און צוזעהן, אז פאגראמען דעמאָראַליזירן די פלאָגער ניט וויניגער פאר די געפלאָגטע. אין דעם פרט האבן זיי געמוזט קעמפן קעגן פאגראמען, כדי צו פארהיטן די ארמיי גופא; דער קיום פון דער ארמיי איז געשטאנען אין געפאר. אבער פריהער דארף מען פעסטשטעלן, צי האבן זיי געוואוסט, און וואס האבן זיי געוואוסט? מיר האבן שוין געזעהן, אז די יידישע דעפוטאציע דעם 26 יולי (8 אויגוסט) האט געמאלדן דעניקינען וועגן די פא־

גראמען. דארויף האט דעניקין געענטפערט: „וועגן די דאזיגע עקסצעסן ווייס איך מער פאר אייך". עטוואס פריהער, דעם 20 יולי (2 אויגוסט), איז וועגן פאגראמען צו וויסן געגעבן געווארן דעני־קינען, און דער מאכט בכלל, אין ארעזאלוציע, וואס די געגנט־קאנפערענץ פון דער פאלקססאציאליסטישער פארטיי האט אנ־גענומען אין ראָסטאָוו־דאָן. דעם 26/13 סעפטעמבער האט דער אוקראאינישער הויפטקאמיטעט פונם „פארבאנד אויפצולעבן רוס־לאנד" געשיקט דעניקינען אן אויספירליכן מעמאראנדום וועגן די פאגראמען און וואס מ׳דארף טון קעגן דעם, בייגעלייגט דעם גאנצן פאקטישן מאטעריאל פון פאגראמען אין אסך פונקטן. דריי ארגאני־זאציעס: „דער נאציאנאלער צענטר", דער „פארבאנד אויפצולעבן רוסלאנד" און דער „פארבאנד פאר נאציאנאלער פאראייניגונג אין רוסלאנד" —, דריי זיילן פון דער „ספעציעלער בעראטונג" (אמין מלוכה־ראט) בא דעניקינען —, האבן דעם 3 אקטאבער געשיקט דעניקינען זעהר אן אויפגערעגטע דעפעש וועגן די פאגראמען. ענדע אקטאבער האט מיט דעניקינען גערעדט וועגן דעם פראפעסאר אָדינעץ, דער פארזיצער אינם קיעווער געגנטקאמיטעט פונם „פארבאנד אויפצולעבן רוסלאנד". נאך מער האט מען אינפארמירט וועגן די פאגראמען פארשידענע אויבערבאפעלער, גענעראלן וכדומה (דראַ־גאמיראָוון, מאַי־מאיעווסקין, ברעדאָוון און אנד.), מ׳האט צו זיי געשיקט דעפוטאציעס, דערלאנגט מעמאָראנדומס, אנקלאגן פון פרי־וואטע מענשן א. אז. וו. קורץ — די העכערע מאכט האט אויסגע־צייכנט געוואוסט, וואס דא קומט פיר.

מ׳קאן פארמעל ניט זאגן, אז זיי האבן גארניט ניט געטאן. מ׳האט געשריבן באפעלן, מ׳זאל ניט דערלאזן קיין פאגראמען. און דאך האט דערדאזיגער אפיציעלער קאמף קעגן פאגראמען די מינדסטע ווירקונג ניט געהאט. נאך מער: מ׳האט געלאכט דערפון. אין קיעווער אשטייגער האט זיך געפונען אתם, אגעהילפפריסטאַוו (פאליציי־קאמיסאר) אויף פאָדאָל, איינער סקאָראָכאָד, וואס האט, זעהט אויס, גענומען ערנסט דעם פריהער דערמאנטן ברעדאָווס באפעל פונם 18/5 אקטאבער. וועגן דער משונהדיגער געשיכטע, וואס מיט אים

האט דערביי פּאַסירט, דערציילט ער אזוי: דעם 18/5 אקטאבער האט ער געכאפּט פארברעכער, 4 באוואפנטע סאלדאטן, בא דער האנט, בשעת זיי זיינען באפאלען איינעמס אליעזר מאָשינסקי׳ס וואוינונג (ווערכני־וואַל N 32) 3 זייערע האט ער באוויזן צו פארהאלטן מיט „שטומע עדות“. אבער אויספארשן די זאך האט ער ניט געקאנט: ס׳זיינען אנגעקומען אומרוהיגע ידיעות, אז „גרויסע קרעפטן“ פון דעם מיליטערטייל גייען אויסהעלפן זייערע פארהאלטענע חברים, סקאָראָכאָד האט דאריבער איבערגעגעבן די פארהאלטענע מיטן גארן מאטעריאל דעם קאמענדאנט. אינגיכן האט ער זיך דערוואוסט, אז די ארעסטירטע האט מען באלד באפרייט. סקאָראָכאָד קלאגט זיך, אז בא אזא לאגע איז די מלוכה־שמירה (פאליציי) לחלוטין ניט אימשטאנד צו קעמפן קעגן באוואפנטע אנפאלן פון מיליטערטיילן, וואס ווערן געטאן מאסנווייז. זיין ראַפּאָרט פארענדיגט ער מיט אזא מיטטיילונג: „דער געהילפקאמענדאנט האט מיר געזאגט בסוד, בתורת עצה, אז פון פארהאלטן סאלדאטן קאן פאליציי שלעכט אפשניידן און האט מיר געראטן מער אזוינס ניט צו טון. (אראַפּאָרט דעם פריסטאַוו דעם 19/6 אקטאבער).[1]

אזוי איז דאס צוגעגאנגען אין קיעוו פאר גענעראל ברעדאָוון אין די אויגן. וואס זשע האט שוין געזאלט זיין אין דער פראווינץ, וואו די אלע קאמענדאנטן, גארניזאנבעפעלער וכדומה זיינען אפטמאל געווען די פּאגראמפּירער, אין בעסטן פאל האבן זיי זיך בלויז געטיילט מיט די קאזאקן? זעהן מיר טאקע, אז דארט האט מען שוין ניט גלאט געשראקן פאליציי; דארט האט מען זיך מיט איר אפּגערעכנט. אין פרילוק, אשטייגער, האט פאליציי בעתן פאגראם פארהאלטן 4 סאלדאטן. איז געקומען דער קאמאנדיר פון סעמיאָנאָווער פאָלק, אויסגעפּאַטשט דעם פאליצייסעקרעטאר און אפּגעלאזט די סאלדאטן מיטן רויב.

---

[1]) אן ענליכן ראַפּאָרט האט דערלאנגט טשובענקאָ, פריסטאַוו אין 2־טן ראַיאָן אין בעלא־צערקאָוו.

פון וואנען זשע נעמט זיך דאס, וואס ד'ער קאמף קעגן פאגראָ־מען האט קיין שום רושם ניט געמאכט?

כדי דער דאזיגער קאמף זאל האבן אממשות, בפרט נאך בא דעם באקאנטן קריגסשטייגער פון דער פרייוויליגער ארמיי, האט מען באדארפט האבן אסך זאכן, אבער קודם כל האט מען באדארפט האבן, אז די העכערע מיליטערפירער זאלן דאס מיינען ערנסט אויפריכטיג. ס'האט באדארפט געטאן ווערן אזוי, אז קאזאקן און אפיצערן זאלן זיך איבערצייגן, אז מיליטערפירער האלטן פאגראָ־מען בעצם פאר אשענדליכער זאך, וואס טאר ניט געשעהן, ניט אויסן דערביי קיינע זייטיגע צוועקן און כַוָנות. אבער כדי די מילי־טערפירער זאלן באמת קאנען זיין אזוי אויפריכטיג, האט מען באדארפט האבן, אז זיי ווייניגסטנס זאלן האלטן יידן פאר גלייכ־בערעכטיגטע בירגער. זיי וואלטן באדארפט האלטן יידן פאר א גרונטליכן טייל פון דער גארער בעפעלקערונג, וואס איז ניט ערגער פאר אנדערע, מעג אויך האבן בא זיך באלשעוויקעס (אויב באלשעוויזם איז בא די פרייוויליגע אפארברעך) און טראגט ניט קיין קאלעקטיווע אחריות פאר זיינע באלשעוויקעס אויפן מיטלעלטע־רישן שטייגער. אבער צו האבן די העכערע מיליטערפירער געקאנט אזוי קוקן אויף יידן? זיכער ניט! ווארום זיינען דאך דאס דיזעלבע צארישע גענעראלן, וואס האבן זיך אויפגעצויגן מיט די באגריפן יידנפיינטשאפט און יידישע רעכטלאזיגקייט. 4 יאר פאר דעם, די צייט פון דעם וועלטקריג, האבן זיי זיך צוגעוואוינט באשולדיגן דורכאנאנד יידן, אז זיי זיינען פאררעטער, שפיאָנען; אויף זייערע באַ־פעלן האט מען געהאנגען און פארפירט שענדליכע שפיאנאזש־בלבולים קעגן הונדערטער יידן (הערשאַנאָווטשעס פראצעס אין מאריאמפאל, דער בלבול אויף יידן אין דארף קוזשי, קאָוונער גוב. וכדומה). אויף זייער באפעל האט מען פארטריבן משך 24 שעה הונדערטער טויזנ־טער יידן פונם הינטערפראנט מיט אן אכזריות, וואס מ'האט דאס ניט באוויזן קעגן דעם שונאס בירגער, (דער גרוש פון קאָוונער און סוּוואלקער גוב. דעם 5 מאַי 1915, און אנד.). מיר האבן שוין פריהער געזעהן פאקטן, אז זייער באנעמונג צו יידן האט זיך איצט

ניט געביטן· אפילו די מעטאדעס „אויסצולייטישן" יידן זיינען גע־
בליבן דיזעלבע· אנהויב ווילטקריג האבן צארישע גענעראלן גענומען
ערבות־לייט בא יידן אין פוילן און אין ליטע, איצט האבן זיי דאס,
אונטער דעניקינס פאן, איבערגעחזרט אין אוקראאינע (אין וואַלק,
כאַרקאָווער גוב.„ דעם 18—19 יוני [1—2 יולי] 1919). שפעטער
זיינען זיי געווען שטארק פארטאן מיט ארויסשטעלן יידן פון אלע
מלוכהשע און געזעלשאפטליכע אַמטן. זיי האבן באשאפן פאר יידן
ארעזשים רעכטלאזיגקייט און שפאָט: מ'האט אין דער ארמיי ניט
צוגעלאזט קיין יידן־אפיצערן, אפילו קיין דאקטוירים אויך ניט
(קיעוו), מ'האט ארויסגעיאגט יידן פון די מאגיסטראטן, אפילו פון
די קאמיטעטן פאר קריגסאינדוסטריע, מ'האט דערוויטערט יידן
ארבעטער פון די מלוכהשע אונטערנעמונגען א. אז. ווי דאס האבן
געטאן די אויבערבאפעלער, די פירער, וואס זשע פאר אן איינדרוק
האט דאס געזאלט מאכן אויפן פשוטן קאזאק און אפיצער, בפרט,
אז די זיינען פון אייגענע אינטערעסן וועגן געווען פאראינטערעסירט,
אז יידן זאלן גילטן פאר „באלשעוויקעס", פאר „רוסלאנדס שונאים"?
צו האבן קיעווער מיליטערבאנדיטן, אשטייגער, געזאלט מיינען, אז
ברעדאוו מיינט דאס ערנסט מיט זיין באפעל (דעם 18/5 אקטאבער)
קעגן פאגראמען, בעת אינם באפעל גופא גיט מען אנצוהערן אויף
יידן, אז זיי זיינען „דער בייגעקומענער שונא" און מ'דארף זיך
פארהאלטן צו זיי מיט „גנאָד"?

ס'האט געפעלט דאס וויכטיגסטע, אויפריכטיגקייט! בעצם איז
געווען דיזעלבע באציהונג צו יידן בא ביידע: בא די מיליטערבאנ־
דיטן און בא די, וואס האבן זיי געזאלט איינהאלטן, גענעראלן,
מייסטנס שלעכטע דיפלאמאטן, האבן אפילו ניט געקאנט פארהוילן
די אמת'ע סיבה, פארוואס זיי פירן דאך אקאמף (אפאפירענעם) קעגן
פאגראמען: וואס וועט די וועלט, וואס וועט אויסלאנד זאגן?
מיר האבן אויף זיך די אַנטאַנט, וואס שיקט אונז וואַפן, פינאַנ־
סירט אונז, רעגולירט אונזערע פארהעלטענישן מיט די ראנדמלוכות
בא זעהר אפאראויקלטער אינטערנאציאנאלער סיטואציע. וואס וועט
מען דארטן זאגן אויף פאגראמען? דאס איז געווען דער הויפטמאטיוו

בא פאַרשידענע גענעראַלן: שקוראָ, בּרעדאָוו און אַנד.. ווען זיי פלעגן רעדן קעגן פּאָגראָמען, דער דיקטאַטאָר, דעניקין גופא, האָט דאָס אויך אַזוי פאַרשטאַנען. די יידישע דעפּוטאַציע דעם 26 יולי — 8 אויגוסט — בעט אים, ער זאָל פאַרעפנטליכן אַ דעקלאַראַציע קעגן פּאָגראָמען און וועגן דער יידנפראַגע בכלל און פאַררופט זיך דערביי אויף אַדמיראַל קאָלטשאַקס דעקלאַראַציע אין סיביר. דאַרויף ענטפערט ער: „דאָרט [אין סיביר] זיינען אַמעריקאַנער! איך האַלט אַ דעקלאַראַציע פאַר איבעריג". וואָס וועלן זאָגן אונזערע אויס־לענדער פריינט? — דאָס איז די הויפּטזאַך בא גענעראַלן, וואָס מוזן, בא אַמיליטערדיקטאַטור, מאַכן פּאָליטיק אויך, מוזן אויפנעמען בא זיך אַן ענגלישן גענעראַל בריגס, אַן אַמעריקאַנער גענעראַל דזשאַדווין (פון מאָרגנטוים מיסיע) און אפשר אָפּגעבן זיי חשבון אויך. מיר האָבן שוין פריהער געזעהן פון ק. נ. סאָקאָלאָווס ריידי, אַז ליבעראַלע דעקלאַראַציעס זיינען געוואָרן אויסגעשטעלט „פאַר עקספּאָרט". קאָזאַקן און אָפיצערן האָבן דאַריבער אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען דעם גייסט פון זייערע פירערס" שטרייכנגע באַפעלן, האָבן זיך וויינג וואָס געמאַכט דערפון און געטאָן זייער זאַך; זאָל זיך „נאַטשאַלסטוואָ" אויס דרייען פאַר די „פריינט", ווי זי קאָן. אַיין מיטל האָט מען שטענדיג געהאַט זיכער: די „פריינט" האָט מען געקאָנט פּרובן איינריידן, אַז יידן זיינען אַלע באָלשעוויקעס. דאַרויף איז פאַראַן „אָסוואַג", וואָס וויסט צו דערציילן פון „יידישער שיסעריי" (אין נאָווי־מגלין, קיעוו וכדומה), פון יידן־קאָמיסאַרן (אויף אַנויט מאַכט מען פאַר קאָמיסאַרן יידישע „בורזשויעס" אויך, אַשטייגער אין יוזאָווקע), פון „יידישע רויטע לעגיאָנען", וואָס מ'קאָן זיי דאָך ניט ווייזן די „פריינט" לעבעדיגע מיט געוועער אין האַנט, א. אַז. וו. און ניכר, אַז „פריינט" האָבן געגלויבט, אָדער האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי גלויבן...

און ווייל אינם גאַרן קאַמף קעגן פּאָגראָמען האָט געשטעקט דער גרונטליכער דעפעקט, וואָס מ'איז ניט געוואָרן אויפריכטיג, דאַריבער איז מען אין דער פּראַקטיק געוואָרן אַזוי מילד צו די פּאָגראָם־מאַכער. פאַר דער גאַנצער צייט (אַריבער 8 חדשים) איז באַוואוסט

נאר אײַן פאַל, ווען גענעראל מאַי־מאַיעווסקי האט באזייטיגט פון אַמט אַן אנדער גענעראל, כאַזאָווי, דעם קאָמאַנדיר פון דער צווייטער טערער פלאַסטונער בריגאַדע, דערפאר וואס די בריגאַדע האט חרוב געמאכט יידישע קראמען אין סמילע (באפעל N 325 פונם 24/11 אויגוסט). דאס איז געווען דער אָפיציעלער מאָטיוו. מ׳מוז אבער זאגן, אז מאַי־מאַיעווסקי האט דא שטארק ניט דערשאַצט דער בריגאדעס אויפטוען, ווארום פריהער נאך האט זי חרוב געמאכט טשערקאַס, און אין סמילע גופא האט זי זיך נאך מער קונה שם געווען מיט הריגות און מיט שענדן מאסנווייז יידישע פרויען. מאַי־מאַיעווסקי׳ס מילדע שטראף ווידער האט ניט געשטערט דערזעלבער בריגאדע ווייטער צו טון איר פאגראמארבעט. איינס נאכן אנדערן האט זי דערנאך חרוב געמאכט יידישע קהלות אין קאָרסון, אין בעלאַ־צערקאָוו און געמאכט די גארגרויסע שחיטה אין פאַסטאָוו (דאסמאל מיטן קאמאנדיר בעלאָגאָרצעוו אויבנאן), וואס האט אריבער געשטייגט די גארע פאגראמפראקטיק פון דער פרייוויליגער ארמיי: פאר 3 טאג האט מען אויסגעקוילעט און פארברענט 600 יידן, פארברענט דעם גרעסטן טייל יידישע הייזער און קראמען א. אז. וו. (דעם 22/9—25/12 סעפטעמבער 1919). ס׳איז אויך באוואוסט א פאל, ווען גענעראל דראַגאָמיראָוו האט געהייסן שטעלן פארן פעלדגעריכט עטליכע אפיצערן, וואס מ׳האט זיי געכאפט אין קיעוו בא חוצפהדיגע רויבערייען נאך דעם פאגראם דעם 17—20 אקטאבער (די געזעצליכע 3 טאג!). ס׳איז באוואוסט נאך אפאל. ריכטיגער געזאגט, א קאמעדיע, פון א פעלדגעריכט פאר מיליטער־באנדיטן אין טאָמאַשפאָל (פאָדאָליער גוב.). סעפטעמבער 1919 איז קיין טאָמאַשפאָל אריין דער 2־טער קובאַניער, לאַבינסקער קאַוואַלעריע־פאלק און געמאכט דארט אפאגראם. 5 טאג נאכאנאנט. אדעפוטאציע פון 2 קריסטן איז דאמאלס געפארן קיין וואַפניאַרקע, די נאהנטסטע באַנסטאַנציע, און זיך געקלאגט פארן גענעראל ראָזענשילד פאָן פאַאולין. דער גענעראל האָט אראפגעשיקט קיין טאָמאַשפאָל אפעלדגעריכט. געקומען דער געריכט, האט דער קאָמאַנדיר פונם לאַבינסקער פאלק געשיקט רופן יידן און געפאדערט

בא זיי אשײַן, אז דער פּאלק האט יידן קיין שלעכטס ניט געטאן. דער פאַרזיצער פונם געריכט גופא האט פּריוואט געראטן יידן ניט שטאַרק צו באשולדיגן די פּריוויליגיע און בכלל זיך האלטן פּאַרזיכטיג מיטן עֵדות־זאגן. דעם טאג פונם געריכט האבן קאזאקן געמאכט אשיסעריי אין די גאסן, ווען יידן זיינען געגאנגען עדות זאגן, און געשריגן: „זשיד, אהיים, מיר וועלן הרגענען!" דער גרעסטער טייל עדות און געטראָפּענע איז זיך צעלאָפן. פאַרן געריכט איז געקומען אקליינע גרופּע 15—20 מאן. נאכן געריכט האט דער פאַרזיצער פּריוואט געזאגט יידן, אז עטליכע קאזאקן באנדיטן האט מען פאַרמשפּט צו טויטשטראף. דער פּסק זאל אבער אויסגעפירט ווערן אין וואָפּניאַרקע, ניט אין טאָמאַשפּאָל, ווייל ס׳פּאַסט ניט פאַרן פּאָלק. צי איז אזא פּסק באמת געווען און צו האט מען אים אויסגעפירט — דאס לאזט זיך אפיציעל ניט פעסטשטעלן. דערפאַר אבער האבן טאָמאַשפּאָליער איינוואוינער געקאנט צוזעהן אזא סצענע: דער געריכט וויל מאכן אר׳עוויזיע אין די קאזאקישע פורן, וואס זיינען איבערפול מיט אנגערויבט יידיש גוטס. בא דער ערשטער פור האבן קאזאקן געמאכט אשיסעריי פון די הויפן און פון די ארומיגע גאסן. דער געריכט צעלויפט זיך, און מער זעהט מען אים שוין נישט בא די פורן.

דערפאַר האט זיך דער לאַבינסקער פּאלק אפּגערעכנט מיט יידן באם אַפּטרעטן פאַר די באלשעוויקעס און האט דעם 20—21 פע־ברואר (4—5 מערץ) 1920 געמאכט דארטן אפּאגראם מיט גרויסע הריגות.

אבער דאס אלץ איז געווען געציילטע זעלטענע פאַלן. בדרך כלל האבן זיך מיליטער באנדיטן ניט געהאט צו באקלאגן אויף קיין שטרייגער באהאנדלונג, אויף קיין שטראף בכלל. דאס באשטעטיגט ק. ב. סאקאלאוו אויך, ווען ער דערמאנט די „אָפענע רויבערייען אויפן פראנט". ער זאגט אזוי: „דאס וויסן, אז מ׳ווערט ניט בא־שטראפט, האט אויפגעבונדן די ווילדע חיה, וואס דער בלוטיגער קריג האט חדשים־לאנג געמאכט פון אמענטשן, אפּטמאל אשטילן, א פרידליכן... קעגן דער דאזיגער פּלאָג האט מען צייטנווייז גע־

קעמפט· דא דארט האבן רויבער אין אמיליטערפארם געקריגן טויט־שטראף··· אבער דאס איז געווען זעלטענע אויסנאמפאלן· דער כְּלָל איז· אז מ׳האט סיסטעמאטיש און אומגעשטערט גערויבט אייג־וואוינער; געטאן האבן דאס מענשן פון פארשידענע ראַנגען און שטעלונגען" (ז· 193)· סאקאלאוו פארשווייגט דא בלויז· אז די בארויבטע „איינוואוינער" זיינען אין שטעט און שטעטלעך געווען כמעט נאר יידן· דער כלל איז געווען· אז קעגן פאגראמען האט מען געקעמפט מיט אויפרופן· באפעלן· איינריידן· וואס מער מ׳האט איבערגעחזרט די דאזיגע אַנטי־פאגראם־דְרָשות —· בפרט נאך די אייגענע און דיזעלבע מענשן —· אלץ ווייניגער רושם האבן זיי געמאכט אויף יענע· וואס האבן זיך געזאלט דערפון אמוסר אפלערנען· יענע· — פראקטישע מענשן· ניט קיין פאליטיקער· — האבן זיכער געוואוסט פון דער פראקטיק· אז מעג דער באפעל זיין שטריינג· דערפאר אבער זיינען די באפעלער מילד· מ׳מעג זיך אויף זיי פארלאזן!

ס׳זיינען געווען אזוינע· וואס האבן געמיינט· אז געהאלפן וואלט אבאפעל פונם דיקטאַטאָר גופא· פונם גענעראל דעניקין· ווען ער זאל דאס טון· דאס האט געבעטן די יידישע דעפוטאציע דעם 26 יולי (8 אויגוסט)· דארויף איז אגב באשטאנען דער „פארבאנד אויפצולעבן רוסלאנד" אין דעם מעמאָראַנדום וועגן פאגראמען· געשיקט דעני־קינען דעם 26/13 סעפטעמבער· דאס האבן אויך געמאנט בא דע־ניקינען די דריי ארגאניזאציעס (דער „פארבאנד"· דער „נאציאנאלער צענטער"· „נאציאנאַלע פאראייניגונג") אין דער פארצווייפלטער דעפעש דעם 3־טן אקטאבער· גענעראל דעניקין האט זיך· ניכר· לאנג געקווייַנקלט· צולעצט· דעם 25 סעפטעמבער (8 אקטאבער)· האט ער זיך געלאזט הערן אין אבאפעל בלויז צום מיליטערקאָמאַנדיר אין קיעווער ראַיאָן: „ס׳דערלאנגען צו מיר ידיעות· אז די ארמיי באגייט גוואלדטאטן קעגן יידן· איך פאדער· ס׳זאל געטאן ווערן ענערגישע מיטלען אסוף צו מאכן צו אזא זאך· די שולדיגע זאלן שטריינג באשטראפט ווערן" (געדרוקט געווען אין קיעווער בלעטער)· „ס׳דערלאנגען ידיעות"· — אזוי זאגט גענעראל דעניקין נאך דעם·

וואס ער האט שוין צוויי חדשים פריהער געוואוסט וועגן פאגראמען פון דער יידישער דעפוטאציעס רייד, נאך דעם, ווי ער גופא האט געזאגט דער דעפוטאציע: „וועגן די דאזיגע עקסצעסן ווייס איך מער פאר אייך"! ווי ווייט זיינען די דאזיגע דעניקינס 3 שורות דערגאנגען טיף צו דער ארמיי און וואס פאר ארושם האבן זיי דארטן געמאכט? דער בעסטער ענטפער אויף דער פראגע איז — די ווייטערדיגע פאגראמען, וואס האבן ניט אויפגעהערט קיין איין טאג ניט, און ספעציעל דער פאגראם דעם 17—20 אקטאבער אין קיעוו גופא (וואס ביז איצט איז דא געווען בערך רוהיגער) פאר די העכסטע מיליטער און ציווילבאפעלער אין די אויגן.

סיי דער „פארבאנד אויפצולעבן רוסלאנד" פאר זיך, סיי דער „פארבאנד" צוזאמען מיט די איבריגע צוויי ארגאניזאציעס, האבן געגעבן אנצוהערנס דעניקינען, אז פאגראמען — דאס איז „אשטארקער קלאַפּ פאר אונזער זאך פאר דער געזעלשאפטליכער מיינונג בא די פארבונדעטע מלוכות", אמיטל, וואס האט געזאלט ווירקן, ווי מיר ווייסן, זיי האבן אויפגעוויזן, אז, חוץ אבאפעל, איז נאך נויטיג: 1) צו באשטימען אהויכאויטאריטעטע אויספּאָרשקאמיסיע, 2) שטעלן די שולדיגע צום געריכט. צו איז דיקטאטאר דעניקין אימשטאנד געווען אויסצופירן אזא זיכער אנטיפאגראם־מיטל, ווען ער זאל דאס אפילו געוועלט וועלן? אן ענטפער אויף דער פראגע האט דעניקין גופא געגעבן בא אן אנדער געלעגנהייט, אינם געוויסן שמועס מיט דער יידישער דעפוטאציע דעם 26 יולי (8 אויגוסט). די דעפוטאציע האט אים אנגעוויזן, אז ער האט באוויזן אויפצוטאן א„נס", באשאפן אזא ארמיי, און האט געבעטן אבאפעל קעגן פאגראמען: מ'וועט אים זיכער פאלגן. דארויף האט דעניקין געענטפערט: „דאנקען גאט, וואס מ'פאלגט מיינע קריגסבאפעלן. פערלאנגען אבער מער איז איצט ניט מיגליך, בא דעם געגעבענעם צונויפשטעל און בא דעם מאראלישן צושטאנד פון דער ארמיי". דער דיקטאטאר האט, פאר־שטייט זיך, בעסער געקענט זיין ארמיי און זיינע אפיצערן. ארויס־געלאזט אויף דער וועלט דעם עֶרֶב־רַב, די חיה, איז אויס מיט יעדער ווירקונג. און וואס מער דערדאזיגער ערב־רב „באפרייט"

רוסלאנד, ד. ה. וואס מער ער באפרייט יידן פונם עול לעבן און גוטס און מענשליכע ווערדע, אלץ מער פאלט די דאזיגע ווירקונג. דער ערב־רב וויל פירן, ניט געפירט ווערן.

מ׳מוז זאגן, ס׳איז געווען אצייט, ווען גענעראל דעניקין האט שוין איינגעזעהן דעם גאַרן ערנסט פון דער לאגע און די געפאר, וואס אין דער פאגראמוואקכאַנאַליע שטעקט פאר דער ארמיי גופא. דעמאלט האט זיך געפונען בא אים מוט צו זאגן דער ארמיי דעם אמת, ער האט געפונען דאס ריכטיגע ווארט אויך. „דא ניט לאנג זיינען מיר געווען בא אָריאָל, אבער דורכאנאנט שווערע פעלער האבן אונז צוריקגעבראכט קיין קובאַן. איצט, ערב אן אנטשלאסענער אַטאַקע, דארפן מיר זיך גופא גובֵר זיין. זאל יעדער געדיינקען, אז איינע פון די סבות, פאר וואס דער פראָנט האט געבראכן און דער הינטערפראנט איז דעמאראליזירט געווארן — דאס איז געווען רציחות און רויבערייען... אויב די קאָמאַנדירן ווען ניט נעמען מיט אמאל אויסווארצלען די פלאָג, איז אומזיסט דער נייער אָנגריף. איך פאדער, מ׳זאל טון די שטרייגנסטע מיטלען, טויטשטראף אויך, אקעגן די אלע, וואס טוען רציחות און רויבערייען, און קעגן די וואס פארשווייגן דאס, אלצאיינס, פון וואס פאר אהויכער שטעלונג זיי זיינען נישט״.

אבער ס׳איז שוין געווען שפעט, נאך אלעמען! דאס איז געזאגט געווען דעם 23 יאנואר 1920 אין אבאפעל (אויף דער סטאנציע טיכאָרעצק) בא דער גסיסה פון דער פרייווויליגער ארמיי. גענעראל דעניקין האט איבערגעשאצט די שאַנסן פון אנייעם אנ־גריף. די „רויבארמיי״, ווי מ׳האט די פרייווויליגע גערופן אין אוקראאינע, איז שוין געווען צעבראכן און מאראליש צעפרעסן ביז לעצט. אויף צוויי טאג, 7—8 פעברואר האט די פרייווויליגע אפגע־גאלטן צו פארכאפן ווידער ראָסטאָוו. אבער באלד האט זי געקריגן אשליידער צוריק און סוף חודש האט מען דאס לעצטע רעשטל פארטריבן אין יַם ארײַן.

וואס פאר אמיינונג מ׳זאל ניט זיין וועגן די מיטלען, ווי אזוי די אויבערבאפעלער פון דער פרייווויליגער ארמיי האבן געקעמפט קעגן

פאגראמען, בלייבט דאך אגוואלדיגער פאַקט, וואס ער לאזט זיך ניט בויגן און ניט טייטשן. פאגראמען האבן געמאכט פעטליורעס מיליטערטיילן אויך, קאָמפּראָמעטירט זיינען דארט געווען קלענערע און העכערע ,,אַטאַמאַנאס" (אפיצערן) אויך, געקעמפט קעגן פאגראמען איז דארט געווען אפשר ניט מער, ווי בא די פרייוויליגע. און דאך איז געבליבן אזכר: איין אפיציעלע אויספאָרשקאָמיסיע, אין איין שטאט, זשיטאמיר. בא די פרייוויליגע איז אפילו איינע אזא קאמיסיע ניט געווען. מ'האט יא געפארשט, אבער ,,יידישע שיסערייי", (סענאַטאָר גולייעווס קאמיסיע אין קיעוו), ניט קיין פאגראמען. דער ערליכער פרעסע האט מען פארמאכט דאס מויל; באם רעדאקטאר, טשערנאָ־וויץ, פון דער יידישער צייטונג ,,די וועלט", אשטייגער, האט מען דעם 23 סעפטעמבער (6 אקטאבער) 1919 גענומען אחתימה, אז ,,קיינע ארטיקלען וועגן פאגראמען און וועגן אנפאלן, וואס ס'מאכן מענשן אין אמיליטערפארם, וועט ער אין דער צייטונג ניט דורכ־לאזן". און אליין האט מען פאַרשפאַנט די פרייוויליגע ארמיי און אירע פאגראם־מעשים פאר דער וועלט מיט אגעדיכטן שלייער, זיכער, אז אזוי פארשוויגן וועט דאס בלייבן. ווער ווייסט, וואס פאר א איבערראשנדיגע זאכן וואלטן מיר גאך דערגאנגען!

# די רשימה פון די רואינירטע קהלות, וואס וועגן זיי איז פאראן ידיעות.

1. אַוודייעווקע, יעקאטערינאסלאווער גוב.
2. איגנאַטאָווקע, קיעווער גוב.
3. אָבוכאָוו, קיעווער גוב.
4. אָלשאַניצע, קיעווער גוב.
5. אָכרימאָווע, קיעווער גוב.
6. אָסטיאָר, טשערניגאווער גוב.
7. אָרלאָוועץ, קיעווער גוב.
8. באַדיעווקע, פּאָדאליער גוב.
9. באַטורין, טשערניגאווער גוב.
10. באָבראָוויץ, טשערניגאווער גוב.
11. באָגאָדוכאָוו, כאַרקאָווער גוב.
12. באָהולאַוו, קיעווער גוב.
13. באָרזנאַ, טשערניגאווער גוב.
14. באָריספּאָל, פּאָלטאַווער גוב.
15. באָיאַרקע, קיעווער גוב.
16. בייבוסי (אדארף) קיעווער גוב.
17. בעלאַ־צערקאָוו, קיעווער גוב.
18. בעלילאָווקע, קיעווער גוב.
19. גאָגאָלעוואָ, טשערניגאווער גוב.
20. גאָלאָווענקע, (אדארף) טשערניגאווער גוב.
21. גערמאַנאָווקע, קיעווער גוב.
22. גרעביאָנקע, פּאָלטאַווער גוב.

23. דזשורין, פאָדאָליער גוב.
24. דימער, קיעווער גוב.
25. דרעמאַלאָווקע, טשערניגאווער גוב.
26. האָסטאָמעל, קיעווער גוב.
27. האָראָדישטש, קיעווער גוב.
28. וואַלק, כאַרקאָווער גוב.
29. וואַסילקאָוו, קיעווער גוב.
30. וואָלטשאַנסק, כאַרקאווער גוב.
31. ווערבקע, פאָדאָליער גוב.
32. זאַמעכאָוו, פאָדאָליער גוב.
33. זאָלאָטאָנאָש, קיעווער גוב.
34. טאַגאַנטשע, קיעווער גוב.
35. טאַלנע, קיעווער גוב.
36. טאַראַשטש, קיעווער גוב.
37. טאָמאַשפּאָל, פאָדאָליער גוב.
38. טעטיעוו, קיעווער גוב.
39. טראָסטיאַנעץ, פאָדאָליער גוב.
40. טרילעס (איידישע קאלאניע בא פאַסטאָוו), קיעווער גוב.
41. טריפּאָליע, קיעווער גוב
42. טשערוולענסקע, (א יידישע קאלאניע בא פאַסטאָוו), קיעווער גוב.
43. טשערניגאָוו.
44. טשערקאַס, קיעווער גוב.
45. יאַבלאָנאָווע, פּאָלטאַווער גוב.
46. יאַמפּאָל, פאָדאָליער גוב.
47. יאַנאָווקע, קיעווער גוב.
48. יאַרוגע, פאָדאָליער גוב.
49. יענאַקיעוו, יעקאַטערינאָסלאַווער גוב.
50. יעקאַטערינאָסלאַוו.
51. כאַרקאָוו.
52. כאָדאָרקאָוו, קיעווער גוב.

53. כאַראָל, פּאָלטאַווער גוב.
54. לאָזאָוואַיאַ, יעקאטערינאסלאווער גוב.
55. לוטשינעץ פּאָדאָליער גוב.
56. מאַקאַראָוו, קיעווער גוב.
57. מאָהילעוו־פּאָדאָלסק.
58. מאָנאַסטירישטש קיעווער גוב.
59. מאָשני, קיעווער גוב.
60. מיאַסקאָווקע, פּאָדאָליער גוב.
61. מיכאַילאָווקע, יעקאטערינאסלאווער גוב.
62. מעזשיריטש, קיעווער גוב.
63. נאָוואָ־אַרכאַנגעלסק, כערסאָנער גוב.
64. נאָווי־מגלין, טשערניגאווער גוב.
65. נאָסאָווקע, טשערניגאָווער גוב.
66. נעזשין, טשערניגאָווער גוב.
67. סאַווראַן, פּאָדאָליער גוב.
68. סוויאַטאָשין, קיעווער גוב.
69. סינעלניקאָוו, יעקאטערינאסלאווער גוב.
70. סמילע, קיעווער גוב.
71. סטאַווישטש, קיעווער גוב.
72. סטעפּאַנעץ, קיעווער גוב.
73. פּאַוואָלאָטש, קיעווער גוב.
74. פּאגרעבישטש, קיעווער גוב:
75. פּאָטאָקי (א דארף), קיעווער גוב.
76. פּאָלטאַווע, קיעווער גוב.
77. פּאָפּעלנע, קיעווער גוב.
78. פּושטשע־וואָדיצע, קיעווער גוב.
79. פּיאַטיגאָריע, קיעווער גוב.
80. פּרילוק, פּאָלטאַווער גוב.
81. פּאַסטאָוו, קיעווער גוב.
82. קאַהאַרליק, קיעווער גוב.
83. קאַליוס, פּאָדאָליער גוב.

84. קאַמענסקאָיע, בא יעקאַטערינאסלאוו.
85. קאַמענקע, קיעווער גוב.
86. קאָבישטש, טשערניגאווער גוב.
87. קאָזין, קיעווער גוב.
88. קאָליבאַלאָד, כערסאָנער גוב.
89. קאָלדוביצקע, (א יידישע קאלאניע בא פּאַסטאָוו) קיעווער גוב.
90. קאַנעוו, קיעווער גוב.
91. קאָנאָטאָפּ, טשערניגאווער גוב.
92. קאָרנין, קיעווער גוב.
93. קאָרסון, קיעווער גוב.
94. קופּיאַנסק, כאַרקאָווער גוב.
95. קורילאָווצי, פּאָדאָליער גוב.
96. קיעוו.
97. קריוואָ־אָזערע, פּאָדאָליער גוב.
98. קרעמענטשוג, פּאָלטאַווער גוב.
99. ראַקיטנע, קיעווער גוב.
100. ראָזשעוו, (אקאלאניע) קיעווער גוב.
101. ראָסאַווע, קיעווער גוב.
102. ריזשאַנאָווקע, קיעווער גוב.
103. ריקון (א יידישע קאלאניע), קיעווער גוב.
104. שאַרגאָראָד, פּאָדאָלער גוב.
105. שיבענאָיע (א דארף), קיעווער גוב.

# קוועלן.

דידאזיגע מאנאגראפיע איז געשריבן אויפן סמך פון דעם מא־טעריאל, וואס געפינט זיך אין ארכיוו בא דער רעדאקציע אויף צו זאמלען און אויספארשן די מאטעריאלן וועגן פאגראמען אין אוקראאינע און אין רייסן דער דאזיגער מאטעריאל באשטייט פון 2 טיילן:

I דער רעדאקציעס אייגנער מאטעריאל. דאס איז:

1) ספעציעלע אויספארשונגען, וואס די רעדאקציע האט געמאכט דורך מענשן געשיקט אין אייניגע ערטער. היות ווי קיעוו איז די גאנצע צייט כמעט געווען אפגעריסן פון דער פראווינץ און ס'איז געפערליך געווען צו פארן מיטן באַן, דערהויפט פאר יידן, האט די רעדאקציע באוויזן אויסצופארשן דערהויפט באָיאַרקע, פאַסטאָוו, טיילוויז די יידישע קאלאניע קאָלדוביצק־אָבראַזצאָווע (בא פאַסטאָוו).

2) גבית־עדות פון צוזעהער און געטראפענע. דאס איז די גרעסטע גרופע מאטעריאלן. מ'האט אויסגעפרעגט מענשן אויף אן ארט, היימלאזע (אנטלאפענע) אין קיעוו, לויט אגעוויסער פראגראם, פארזיכטיג געקליבן וועמען אויסצופרעגן. די גבית־עדות איז פארשריבן געווארן, מיט יענעמס ווערטער. מ'האט געזעהן, ווי ווייט מיגליך, אויסצופרעגן עטליכע מענשן פון אַן ארט, מענשן פון פארשידענע קרייזן, כדי ס'זאל זיין אקעגנזייטיגער קאָנטראָל אויף זייערע מיטטיילונגען.

3) באריכטן פון דער רעדאקציעס קארעספאנדענטן.

4) אָפּיציעלע באַריכטן (אין קאָפּיעס) פון רעגירונגסבאאַמטע.
5) אָנקלאָגן און ביטבריף פון געטראָפענע צו דער מאכט.
6) דאָקומענטן: אויפרופן, באפעלן, פאראָרדנונגען וכדומה פון דער מאכט, געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס א. אז. וו.
7) רשימות פון הרוגים בא די נעמען.
8) צייטונגסמאַטעריאַל.

II מאטעריאלן פון אנדערע ארגאניזאציעס און אינ־סטיטוציעס, וואס די רעדאקציע האט בא זיך אין ארכיוו (מייסטנס, קאפּיעס) פון דער דאזיגער גרופּע איז דערהויפט וויכטיג: מאטעריאלן:

א. פונם רוסישן רויטן קרייץ (אייגנטליך פונם הילפסקאמיטעט פאר פאגראמגעטראפענע באם רוסישן רויטן קרייץ אין קיעוו). דער רויטער קרייץ האט געטאן פאר פאגראמגעטראָפענע, געשיקט מענשן אין די פאגראמערטער, האט געהאט דארטן זיינע קארעספאנדענטן, געהאט אויך אן אינפארמירביורא בא זיך אין קיעוו אויף צו זאמלען מאטעריאל וועגן פאגראמען. פון דעם רויטן קרייצס מאטעריאלן זיינען דערהויפט וויכטיג:

1) באריכטן פון די באפולמעכטיגטע, וואס האבן געטאן די הילפסארבעט אויף אן ארט. דער רויטער קרייץ האט אויך: 2) גבית־עדות פון צוזעהער און געטראפענע, 3) דאקומענטן, 4) רשימות פון הרוגים.

ב. פונם צענטראלן יידישן הילפסקאמיטעט פאר פא־גראמגעטראפענע (אין קיעוו), דערהויפט פונם קאמיטעטס יורידיש ביוראָ. דאס דאזיגע ביורא האט געזאמלט זעהר וויכטיגן מאטעריאל, דערהויפט וועגן קיעווער פאגראם (גבית־עדות). וועגן אנדערע ערטער זיינען פאראן:

1) באריכטן פון ארטיגע קאמיטעטן, באפולמעכטיגטע און קארעספאנדענטן, 2) גבית־עדות פון געטראפענע, 3) דאקומענטן, 4) ביטבריף און אנקלאגן פון די געטראפענע צו דער מאכט, 5) מע־מאָראַנדומס פונם קאמיטעט גופא צו דער מאכט און צו פאר־שידענע אינסטיטוציעס.

ג׳ פון יידישע קהלות:

a) כארקאווער׳ דערהויפט וועגן פאגראמען אין כארקאווער גוב׳ און וועגן רציחות אין די באַנען:

1) גבית־עדות פון געטראפענע׳ 2) וועגן ערבות־לייט אין וואַלק׳ 3) דער שמועס פון דער יידישער דעפוטאציע מיטן גענעראל דעני־קין דעם 26 יולי (8 אויגוסט) 1919 און דער מעמאראנדום׳ וואס די דעפוטאציע האט דערלאנגט דעניקינען.

b) קיעווער:

1) גבית־עדות פון געטראפענע׳ 2) פארשידענע מעמאָראַנדומס.

ד׳ פון דער ליגע צו קעמפן קעגן אנטיסעמיטיזם (אין קיעוו). דאס איז דערהויפט מעלדונגען דעם פראָקוראָר פון דער געריכטסקאמער וועגן רויבערייען און רציחות קעגן יידן אין קיעוו.

ה׳ פון פארשידענע ארגאניזאציעס:

1) פונם ״פארבאנד אויפצולעבן רוסלאנד״ (קאפיעס פון מעמא־ראנדומס צום גענעראל דעניקין׳ גענעראל ברעדאָוו מיטן פאקטישן מאטעריאל וועגן פאגראמען׳ 2) פון דער ארגאניזאציע ״פועלי־ציון״ (באריכטן׳ גבית־עדות)׳ 3) פארשידענע.

וועגן די שווערערע פאגראמען זיינען פאראן פאראלעלע מא־טעריאלן בא דער רעדאקציע און בא אנדערע ארגאניזאציעס געזאמלט גאנץ זעלבסשטענדיג׳ יעדער פאר זיך. וועגן אזוינע פא־גראמען זיינען פאראן סיי באריכטן׳ סיי קארעספאנדענציעס׳ גבית־עדות א. אזו. וו.